דאָרא פאַרנמאַן ענסעל

# מיינע לידער

געווידמעט דעם הייליקן אָנדענק פון מיין זון, לואיס ענסעל,
געבוירן 1916, אַוועק פון דער וועלט, 1957

אַרויסגעגעבן דורך א קאָמיטעט
ווענים, קאַליפאָרניע, 1961

DORA FORMAN ENSEL

# MEINE LIEDER

Dedicated to the beloved memory of my son,
Louls Ensel, born, 1916, deceased — 1951

Venice, California, 1961

נדפס בישראל

Printed in Israel, Yesod Hamaleh, 27, Tel-Aviv

# אינהאַלט

# פאָרוואָרט

דאָראַ פאַרמאַן־ענסעל שרייבט שוין לידער יאָרנלאַנג. זי האָט געדרוקט אין „טאָג", און די לעצטע פאַר יאָר דרוקט זי זיך כסדר אין די „קאַליפאָרניער יום־טוב־בלעטער".

דאָראַ האָט מיר איבערגעגעבן די לידער צום קאָרעגירן און רעדאַקטירן. איך האָב דורכגעלייענט הונדערטער לידער און פון זיי האָב איך אויסגעקליבן דעם אויסוואַל וואָס ווערט דאָ פאָרעפנטלעכט.

דאָס זענען האַרציקע, אינטימע לידער צו אַ מאַמען, צו שוועסטערן, צו גוטע פריינט, געלעגנהייטס־לידער, און לידער וואָס אָטעמען מיט ליבע צו ישראל.

איך געפין אין די לידער זייער פיינע פערזן, דאָ און דאָרט אַ שיינעם געדאַנק, און איך האָף, אַז אויך די לייענער וועלן זען אין די לידער פון דאָראַ פאַרמאַן־ענסעל, אַ באַשיידענעם צושטייער צו אונדזער ליבן יידיש.

יוד לאַמעד מאַלאַמוט

לאָס־אַנזשעלעס 26, קאַליפאָרניע

*

## מיין האַרציקן דאַנק דעם קאָמיטעט:

ד"ר זאַנוויל קליין, דאָראַ סטאַלמאַן, קייט גרינשפאַן פון גאָלדע־מאיר־קלוב, בעסי מינץ, ראָזע סיגאַל, פון חיים גרינבערג לייען־קרייז, קלאַראַ דובין און סאַראַ פאַגאָרעלסקי פון דער פועלי־ציון־גרופּע ביים ים, מיין פערזענלעכער פריינדין סילי מעקגין.

דאָראַ פאַרמאַן־ענסעל

*

## צוויי סאָרטן חלומות

ווען מען דערוואַכט פון אַ שלעכטן חלום איז מען צופרידן, וואָס דאָס איז נאָר אַ חלום.

נאָר ווען מען דערוואַכט פון אַ גוטן חלום און מען דערזעט, אַז דער חלום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן, איז דאָס אַ וווּנדערלעך געפיל. אָט דאָס דאָזיקע געפיל האָב איך איצט, אַדאַנק ד"ר זאַנוויל קליין, און פריינד יוד לאַמעד מאַלאַמוט, פאַר מעגלעך מאַכן די דערשיינונג פון מיין בוך.

## אַ פויגל איז אַוועקגעפלויגן

אַ פויגל איז פון איר היימלאַנד אַוועקגעפלויגן
אַזוי שנעל ווי זי האָט זיך אויסגעלערנט פליען,
צו זען די וועלט האָט איר געצויגן,
איז זי איבער ימים געפלויגן.

האָט זי פאַרלאָזן אירע ליבסטע,
טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברידער,
געהאָפט האָט זי זיי וועלן צו איר קומען
וועלן זיי לעבן צוזאַמען ווידער.

זענען זיי צו איר געקומען,
זי האָט זיי פיין אויפגענומען,
נאָר יעדער איז אַוועק זיין וועג
זיין אייגן לעבן בויען.

האָט זיך געשאַפן צווישן זיי אַ בריק,
יעדער האָט געבויט זיין אייגן גליק,
איז איינער אָרעם, אַ צווייטער רייך,
ניטאָ קיין גליק פאַר אַלע גלייך.

אַך, ווי קורץ עס איז דאָס לעבן,
איך האָב ניט וואָס דער וועלט צו געבן.
כ׳טראַכט ניט וואָס געווען און וואָס וועט זיין,
דאָס ברענגט אַ רואיק געמיט
אין מיין לעבן אַריין!

## דאָס ערשטע געבוירענע קינד

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט מיט ווייטיקן
פון אַ שווערן שלאָף.
איך האָב געוואָלט אַ קינדעלע,
האָב איך דערפאַר מיין שטראָף.

איך האָב דערזען אַ נפש׳ל
אַ פּנים׳ל אַ רויטס,
אויפן קאָפּ, שוואַרצע הערעלעך,
אַ נעזעלע אַ ברייטס,

האָב איך פאַרגעסן מיינע ווייטיקן,
פאַרגעסן שמערץ און פיין,
איך בין געווען גליקלעך,
איך קען אַ מאַמע זיין.

## מאַך פאַר זיך אַ קאַסטן

מאַך פאַר זיך אַ קאַסטן
דיינע צרות צו פאַרשליסן:
פון דיין פאַרצווייפלונג און ביטערניש
דאַרף קיינער נישט וויסן.

מיט אַ שלאָס זאָלסטו
דעם קאַסטן פאַרמאַכן.
דערנאָך קענסטו זיצן
אויפן דעק און לאַכן.

## אַך, איר זיסע טרערן פון פרייד

(געווידמעט סאַראַ פאַגאָרעלסקי)

אַך, איר זיסע טרערן פון פרייד
פאַרוואָס קומט איר זעלטן צו מיר?
איך האָב אייך דאָך אַזוי גערן,
ווען איר קלאַפּט אין מיין טיר.

אַ פּשוטער בריוועלע געקומען,
מיט טינט אויף פּאַפּיר.
זיי וועלן ווי קאָלירטע בלומען
קוקן פריילעך אויף דיר.

זיי דערציילן מיר אַ מעשה
פון מיינע שענסטע טעג:
געשריבן פון אַ האַנט אַ הייסער
פון אַ וויטן וועג.

און אַ האַרץ קלאַפּט דאָרטן פאַר מיר
פון אַ יוגנט פריינט.
איך שיק מיין הייסן האַנטדרוק דיר.
איך זע דיין פּנים שיינט.

אַך, איר זיסע פון פרייד טרערן,
איך וועל אייך ווי פּערל קלייבן.
און וועל זיך מיט אייך טרייסטן
אין מיין איינזאַמקייט, אַליין...

## איך בין אַרויסגעפֿאָרן

איך בין אַרויסגעפֿאָרן אין מיין יוגנט,
פון טרייסט באַגלייט.
געהאָפט, אַז כ׳וועל אָנקומען,
וועט שוין ניט זיין קיין נויט.

באַגעגנט האָט מיך אַ שטורעם,
היץ, קעלט און טוי.
אַרויסגעפֿאָרן אין מיין יוגנט,
אָנגעקומען אַלט און גרוי.

געטראָפֿן האָב איך טויט, פֿאַרוויסטונג
און פינסטערניש פון אַ נאַכט.
ווו נאָר איך האָב געקוקט,
איז געשטאַנען אַ טייוול און געלאַכט.

און די וועלט, ווי אַ שווערע געווינערין,
ליגט אין טיפֿן פּיין.
איך האָף, אַז זי וועט געווינען,
און עס וועט אייביקער פרידן זיין.

## דער אַלבאָם

אַ פרוי בלעטערט איר אַלבאָם
מיט אירע בילדער פון יאָרן.
אין שפּיגל זעט זי אַן אַלט פּנים.
וואָס איז פון איר געוואָרן.

אין אַלבאָם זעט זי אַ פאַמיליע,
אַלע יונג און שיין.
אין צימער שטייט אַ פרוי,
וואָס איז עלנט, שוואַך, אַליין.

און זי פרעגט זיך:
גייט שוין אונטער פאַר מיר די זון,
און אַלץ איז אָפּגעשפּילט?

אַ שטימע הערט זיך, וואָס זאָגט און לאַכט:
כאַ־כאַ־כאַ, דו האָסט שוין דיינע קינדער
חתונה געמאַכט.
דו האָסט זיי אַלץ אַוועקגעגעבן.
זיי האָבן זייער אייגן לעבן.

## דער יוגנט פריינט

מיין האַרציקער יוגנט פריינט,
איך האָב פון דיר אַ בריוו.
באַקומען היינט.
דער בריוו איז פול מיט האַרץ און געפיל,
נאָר די ווערטער זענען שטיל.

ניט קיין שטאַרקער וואָרט און קלאַנג.
קומט צו מיר אַ הייסער פאַרלאַנג,
אַז דו זאָלסט אָנקלאַפּן אין מיין טיר:
דאַן וועל איך דערהערן דיין געזאַנג.

איך וועל דיך צודריקן צו מיין האַרץ
און פליסטערן שטיל:
וואָס האָסטו געטאָן צו מיר,
און פאַרוואָס בענק איך אַזוי נאָך דיר?

מיר האָבן איבערגעשפרייזט פיל יאָרן,
אונדזערע האָר זענען ווייס געוואָרן,
אָבער אונדזערע הערצער זענען יונג,
ווייל עס ליגט אין זיי אַ ליבעס פונק.

## אָרעם און רייך

הויכע, ברייטע וועגן,
זענען פאַר די מענטשן אויסגעשפּרייט.
איינער דערגרייכט אַ גליקלעכן ציל,
דער צווייטער זוכט אַ שטיקל ברויט.

און ער קריכט אויף אַלע פיר,
וויל דערגרייכן פון שפּייז די טיר.
דער וואָס איז אויבן האָט די מאַכט,
און ער האַלט פאַרן קבצן די טיר פאַרמאַכט.

# מיין מאַמע

(געווידמעט מיין מאַמעס 70־יאָריקן געבורטסטאָג)

וועגן דיר, ליבע מאַמע,
טראַכט איך שטענדיק.
ד׳ערמאָן זיך דיינע לײַדן,
דיין מוט און שיין געשטאַלט.

איך האָב תמיד דיר געהאָלפן
אין דיין מי, אין דיין פּיין,
אַז אונדזער לעבן זאָל פֿאַר אונדז
גרינגער זיין.

אַ מאַמע צו אַ מאַמע,
איז דאָך נישט גלייך.
מיין מאַמע איז מיט די שענסטע
געפילן געווען רייך.

מיינע גוטע געפילן,
האָב איך פון דער מאַמען גענומען.
האָסט אין אונדז געפלאַנצט גוטע זיטן,
ווי אַ גערטנער פלאַנצט בלומען.

צו דיין 70־סטן געבורטסטאָג
ווינטש איך דיר נאָך יאָרן אַ סך.
זיי מוטיק און פריילעך
און לעב און לאַך...

נישט טראַכט פון זאָרגן,
און נישט טראַכט וואָס וועט זיין,
נאָר ברענג גוט געמיט
אין דיין לעבן אַריין.

## קינדער

ווען די קינדער זענען קליין,
קאָן איך פֿון שטוב נישט אַרויסגיין,
ווען די קינדער ווערן גרויס,
ווערן דיינע פֿליכטן נאָך גרעסער.

גייען זיי פֿון אונדז אַוועק,
איז די בענקשאַפֿט אָן אַ ברעג.
מען ווערט געוווינט אין שפּאַן צו גיין,
און ס׳איז זייער שווער צו בלייבן אַליין.

## יאָרן גייען, יאָרן קומען...

יאָר גייען, יאָרן קומען,
און מיר שלעפּן זיך אין וועג.
אַמאָל איז דער וועג פֿאַרשפּרייט מיט בלומען,
אַמאָל מיט דערנער אָן אַ ברעג.

מיט מיר צוזאַמען
גייט שטענדיק מיט מיין האַרציקער פֿריינד.
אין זוניקע טעג און וועטער טריבן,
זענען מיר איינער דעם צווייטן טריי געבליבן.

יאָרן קומען, יאָרן גייען,
און מיר אַקערן און זייען.
דער מענטש וואָס לעבט שיין,
לעבט קיינמאָל נישט פֿאַר זיך אַליין.

# פרייטאָג־צונאַכט

ווען איך טראַכט פון דעם היימישן
פרייטאָג־צונאַכט:
די שטוב האָט אויסגעזען
גאָר אַ פּראַכט.

דער טיש ווייס געדעקט,
אַרום אַזוי ריין.
די מאַמע האָט דאַן
אויסגעזען אַזוי שיין.

אין די זילבערנע לייכטער
האָבן די ליכט געברענט.
שיין האָבן דאַן
אויסגעזען אויך די ווענט.

דער טאַטע איז שבתדיק אָנגעטאָן
און זינגט זיך „לכה דודי" מיט אַ זיסן טאָן.
נישטאָ מער דער טאַטע
מיט זיין זיסער שטים,
נישטאָ מער דער אַמאָליקער שבת,
נישטאָ מער די היים.

נישטאָ מער די יוגנט.
זי איז גיך אַוועק.
געבליבן איז בענקשאַפט,
און פאַר דער צוקונפט — שרעק.

## אין שאפּ

איבער דער מאַשין געבויגן,
צי דו שטעפּסט, צי דו נייסט,
בלענדסט אַ גאַנצן טאָג די אויגן
צו פאַרדינען אויף פּוטער־ברויט.

עס רוישן און קלאַפּן די מאַשינען,
און דו קוקסט ווי זי שטעפּט,
און דו האָסט נאָר אין זינען
פאַרוואָס אַזוי לאַנג די צייט זיך שלעפּט.

און דיין פּנים ווערט אַלץ בלאַסער:
נישט געגלעט, געקושט פון זון און ווינט
דו ביסט צופרידן
מיט אַ גלעט, אַ קוש, פון ווייב און קינד.

אין דיין נייען און שטעפּן אַראָפּ־אַרויף,
שטעפּסטו אויס פאַר זיך „סלעק",
ווען וועט אַ נס געשען,
אַז צום נייען זאָל קומען אַ סוף.

## אַ גוטער געמיט

אַ גוטער געמיט,
איז ווי אַ שטילער געזאַנג.
צו לעבן און לאַכן,
איז דאָ אַ פאַרלאַנג.

רייכטום איז נישט שטענדיק
מיט גליק באַגלייט.
אויף אַ פּראָסטן טישטעך
עסט מען אָפט מיט פרייד.

## צײַט

צײַט, וואָס לויפסטו אַזוי שנעל,
נאָך וואָס דאַרפסטו זיך יאָגן ?
האָסט קיין גליק דער וועלט געבראַכט,
און דאָס בײזע נישט אַוועקגעטראָגן.

דו האָסט פרײַהײט־טעמפּלען אויסגעבויט
גערעכטיקײט צו דינען.
אָבער די טעמפּלען שטייען ליידיקע,
מען קאָן דאָרט קיינעם נישט געפינען.

דו האָסט דערפינדונגען געמאַכט,
אַז דער מענטש זאָל די נאַטור באַזיגן.
די מענטשן נוצן דאָס אויס
אויף וואָפן צו קריגן.

אין 20־סטן יאָרהונדערט,
איז פון דער אינקוויזיציע־צײַט נישט בעסער.
דער גזלן לעבט נאָך אַלץ,
און שאַרפט פאַר אונדז זײַן מעסער.

## דער ים

דער ים האָט ווי אַ גוטער טאַטע
זײַנע אָרעמס אויסגעשפּרייט,
און לאָזט אויף זיך שווימען שיפן,
אַמאָל מיט קליידער, אַמאָל מיט ברויט.

זיי זענען געפאָרן ווײַטע וועגן,
באַגריסט מיט פרײַנדשאַפט פון שוועסטער־שיפן,
און קיינער האָט גאָר נישט געחלומט,
אַז אַ שטורעם גרייט זיך אויסברעכן.

אָבער אָט איז ער מיט דונערן און בליצן
פלוצים אָנגעלאָפן :
צעשטערט אַלץ וואָס איז טייער,
און מענטשלעכע לעבנס אײַנגעשלונגען.

## דער בראָך פון מיין פאָלק

איך שטיי צעבראָכן, געבויגן
פון די קלעפּ אויף מיין פאָלק איבעראַל,
עס פאַרלויפן מיט טרערן די אויגן,
אַלץ ווערט פינצטער אַרום.
מען האָט מיין פאָלק אין בלוט דערטרונקען,
אַלץ צערויבט און צעשטערט,
געשטאַנען אין אָפּגרונט פאַרזונקען,
די וועלט האָט אונדזער געשריי נישט געהערט.
ווען איך קוק צו דעם מזרח דעם ווייטן,
זע איך אַ ליכטיקן שטראַל,
מיינע ברידער אַקערן און זייען,
ווען דער וועג איז שווער איבעראַל,
דאָ גלייך איך אויס מיינע גלידער,
דאָס לעבן קריגט אַ זינען אויפדאָסניי,
באַגריס איך אייך מיינע ליבע ברידער
איר נעמט איין אַ לאַנד און שווערד און אָן בליי!

## איך האָב געאַקערט און געזייט

איך האָב געאַקערט און געזייט,
מיינע זוימען אויסגעשפּרייט.
מיינע פרוכטן זענען שיין,
אָבער געבליבן בין איך אַליין.

איך האָב אין מיין נעסט ליבע אַריינגעבראַכט,
איבער מיינע פייגעלעך געוואַכט:
פליען זיי איינצקיווייז אַוועק.
באַפאַלט מיך אַ שרעק.

וואָס איז דאָס לעבן, איך וויל פאַרשטיין.
פאַרוואָס מאַטערט מיך דאָס געוויין,
ווען איך בלייב אַליין?

מיין פריינד, פון דיינע פערציק יאָר,
איז פלוצים גאָרנישט געוואָרן.
דו ביסט אין דער אייביקייט אַוועק.
איך לעב אין איינזאַמקייט און שרעק.

# ד״ר הערצל׳ן געווידמעט

ווי אַ שטורעם וואַרפט אַ שפּענדל
אַזוי וואַרפט מען אונדז אין פּיין,
פון איין לאַנד אַרויסגעטריבן,
אין ערגעץ לאָזט מען נישט אַריין.

שטייען מיר אינמיטן וועג
ווייסן נישט וווהין צו גיין,
הער איך קרעכצן פון די גרויסע
און פון קינדער דאָס געוויין.

קוק איך צו דעם פאַרוואָלקנטן הימל.
זוך אין די וואָלקנס אַ ליכטיקן שטראַל,
וואָס זאָל אונדז דעם וועג אָנווייזן
העלפן מיין פאָלק איבעראַל.

האָט אַ מלאך זיך באַוויזן אין מענטשלעכן געשטאַלט
האָט אַ לאַנד אונדז אָנגעוויזן,
און געפירט אונדז פאַר דער האַנט.

„דאָ וועט איר בויען, שאַפן,
אַ לעבן פריי פון נויט און פּיין,
דאָ וועט איר מער נישט זיין קיין שקלאַפן
דאָ וועט איר זיין אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך״.

„דאָ וועט איר בויען שיפן אויף צו ברענגען
אונדזערע ברידער פון נאָענט און ווייט,
דאָ וועלן זיי אויסגלייכן די גלידער
און היילן די ווונדן מיט דער צייט״.

„דאָ וועט איר בויען, פלאַנצן
און שניידן מיט געזאַנג,
דאָ וועט איר אַ האָראַ טאַנצן,
אויף אונדזע ערד, אין אונדזער לאַנד״.

„דאָ וועט איר ווייזן פאַר דער וועלט,
אַז מיר זענען נישט סוחרים פאַר געלט,
דאָ וועט איר אונדזער כבוד היטן,
זיין פאַרטראָטן אין דער וועלט,
אין דער אַרבעט אויף אַלע געביטן״.

„דאָ וועט איר זיך אַליין רעגירן,
לערנען די וועלט ווי זיך צו פירן,
אונדזער נייע תורה איז — פרידן
פאַר אַ גאַנצער וועלט ווי פאַר יידן״.

דער מלאך איז פון אונדז יונג אַוועק,
אויסגעטראָטן פאַר אונדז אַ וועג,
וועלן מיר גיין אין זיינע וועגן
מיט כבוד אונדזער פאָן טראָגן,
כבוד דעם אָנדענק פון דעם גרויסן
יידן, דאָקטאָר טעאָדאָר הערצל !״.

## ווען די מוזע קומט צו מיר

ווען די מוזע קומט צו מיר,
קלאַפּט זי לייכט אין מיין טיר,
קומט אַריין מיט שטילע טריט,
ברענגט אַריין גוט געמיט.

זעצט זיך נאָענט לעבן מיר,
הייסט מיך נעמען פּען, פּאַפּיר,
זאָגט : קאָנסט טאָן וואָס דו ווילסט מיט מיר,
ווי איך נעם די פּען אין האַנט,
קומט צו מיר אַ געדאַנק,
נעם איך ווערטער אין געפאַנג
שטעל אויס אין שורות אַ געדאַנק.

נאָכדעם נעם איך דעם געדאַנק
מאַך פון דעם אַ געזאַנג,
זינגט פּאַפּיר, טינט און פּען,
האָב איך אויך אַ טייל אין דעם.

## צו דעם ים

דער ים רייסט זיך צו דעם ברעג,
ער וויל איינגעמען די ערד,
דער ווינט טרייבט אים צוריק,
מוז ים גיין וווהין אים איז באַשערט.

נאָר דער ווינט לאָזט אים רויק נישט שטיין,
וואַרפט אים אויף אַלע זייטן,
פאַרגייט זיך ים אין אַ געוויין.

די זון וויל דעם ים פאַרגיטיקן,
וואַרפט זי דימענטן אין זיין שויס,
שלעפט ער זיי צו די ברעגן
וואַשט יעדעס זעמדל אויס.

די לופט איז קיל און דערפרישנד
באַרויקט מענטשלעכן געמיט,
מיט אַלע שטרויכלונגען אין לעבן,
וויל מענטש נישט גיין
פון וואַנעט מען קומט נישט צוריק.

## נאַטור איז אייביק

די נאַטור איז אייביק,
מיט איר רוישן און ברומען
די שפיל פון ים,
ווינט און זון
וועלן זען יענע וואָס וועלן
נאָך אונדז קומען.

## איך מיש אויף אַ ניי בלאַט

איך מיש אויף אַ ניי בלאַט
אין מיין שפּעטער שעה.
וויל פאַרגעסן מיין פרימאָרגן:
מאַכן גוט מיין זיין דאָ.

איך וויל אַלעמען פאַרגעבן,
וואָס האָבן מיר שלעכטס געטאָן.
איך וואַרף אַראָפּ מיין טרויער,
אין אַ העלער קלייד טו איך זיך אָן.

גאָטס וועלט איז אַזוי שיין,
איך הער פויגל־געזאַנג,
און פון מוזיק קלאַנגען,
איך זע גרינע שטעגן
וואָס זענען באַשאַפן פאַר דעם מענטשס וועגן.

## אין שלאָפלאָזע נעכט

אין שלאָפלאָזע נעכט, ווען עס אַנטלויפט דער שלאָף פון מיר,
ליג איך און קוק צו דער טיר.
אפשר וועט זיך דער שלאָף אומקערן
און ווי אַ מאַמע מיך פאַרוויגן.

אפשר וועט ער מיך אַוועקטראָגן אויף זיינע פליגלען,
וווּ די וועלט האָט אַ ברעג,
וווּ די זון ליכטיק שיינט,
וווּ איין מענטש דעם צווייטן האָט נישט פיינט.

וווּ עס בליט אַלץ אַ גאַנץ יאָר,
וווּ די טייכן זענען זילבער קלאָר,
און שטערן לויכטן אין די הימלען.
און אָרעם און רייך זענען אַלע גלייך.

וווּ מען הערט נאָר פויגל־געזאַנג
און נישט פון קיין ביקס קיין קלאַנג.
אויב לעבן איז באַשערט,
איז נאָר אויף אַזאַ ערד.

# צו מיין שוועסטער

(געווידמעט מיין שוועסטער שרה מאַטעס, צו איר קומען
קיין אַמעריקע אין 1948)

אַך, איר זיסע פריידנס־טרערן,
איר זענט מיר אַזוי ליב.
איך האָב אייך זייער גערן
אין מיין קליינער שטוב.

איר ווערט געבוירן מיט וואַרעמע געפילן:
נאָר אַ האַרץ וואָס ליבט אוןליידט
קאָן אייך מיטפילן.
38 יאָר האָב איך מיין שוועסטער נישט געזען.
איצט שטייט פאַר מיר אַ שיינע דאַמע:
עס איז אַ נס געשען.

אָבער באַלד דאַרפן מיר זיך ווידער שיידן,
איך ווייס נישט אויף ווי לאַנג.
אַך, ווי קורץ איז עס דאָס לעבן.
ווי עס טוט מיר באַנג.

ווען דו וועסט זיין ווייט פון מיר,
אין אַ פאַרבענקטער שעה,
לייען מיינע שורות,
וואָס איך שרייב דיר דאָ.

דערמאָן זיך אַז אַ וואַרעם האַרץ,
שלאָגט דאָ שטענדיק פאַר דיר.
כאָטש איך בין נישט אַליין,
דאָך בענק איך שטאַרק נאָך דיר.

## אַ חלום

נאָך אַ טאָג פון אַרבעט און זאָרג,
האָב איך געוואָלט פון רו געניסן.
איינשלאָפן און חלומען אַ חלום אַ זיסן,
אַ חלום אַ זיסן.

דער מלאך פון שלאָף האָט זיינע פליגלען צעשפרייט
און דער חלום איז געקומען.
אַ גאָרטן פול מיט קראָפּיווע
אויפן אָרט פון בלומען,
אַ פעלד מיט מענטשן אויסגעזייט,
און עס גייט אַ בייזער שניטער,
וואָס שניידט אין דער לענג און אין דער ברייט.

עס פאַלן מענטשן־קינדער,
יונג, אַלט, גרויס און קליין.
עס שטייט די מאַמע פון דער וועלט
און רייסט זיך די האָר מיט גרויס געוויין.

## אַרום קאָכט מיט לעבן

אַרום קאָכט מיט לעבן,
אין שטיבער און אין גאַס.
איך גיי אָנגעלאָדן
מיט ליבע און האַס.

ליבע פאַר פרידן,
פאַר בויען און שאַפן.
האַס פאַר פאַרניכטונג,
פאַר פייניקער, שקלאַפן.

ווען אַ מאָל קומען אַן אויסלייזער,
אונדז פון מערדער באַפרייען.
און אויף די ליכטיקע פעלדער,
ברויט און בלומען פאַרזייען.

## אויף דעם ברייטן ים פון לעבן

אויף דעם ברייטן ים פון לעבן
שווים איך מיט מיין שיפל ווייט אַוועק,
ווען די כוואַליעס ווערן שטורעמדיקער
באַפאַלט מיך אַ שרעק.
אַרבעט איך מיטן רודער איינע אַליין,
כ׳ווייס וווהין דאָס שיפל פירט מיך,
נאָר איך וויל אַהין נישט גיין!

איך וויל שווימען, שווימען, שווימען,
אויף אַ רויקן ים,
אַז די זון זאָל מיך דערוואַרעמען,
אַ מילד ווינטעלע זאָל מיך גלעטן,
איך וויל הערן דעם רעגן גיסן
און פון דער שיינער נאַטור געניסן!

## קאַיאָר

דאָס לעבן איז אַ קאַיאָר פאַר דער אייביקייט,
נישט פאַר אַלעמען גלייך צוגעגרייט.
פאַר איינעם — דער וועג מיט בלומען פאַרשפּרייט,
פאַר אַ צווייטן — דערנער, שטיינער, שטענדיקע נויט.
פאַר איינעם שיינט די זון אומעטום,
פאַר אַ צווייטן — דער וועג — אַ פינצטערער תהום.
נאָר צום סוף ווערן זיי אַלע גלייך,
אַ שטיקל ערד פאַר אָרעם און רייך.

## צו מיין זון

ווען איך האָב דיך, מיין זון, מיט אַ ניגון פאַרוויגט,
און מיט ליבע צו מיין האַרצן געדריקט,
האָב איך נישט געוווּסט אַז קורץ איז די צייט
און וועסט ווערן פון מיר יונג אָפּגעשיידט.
מיט בלוטיקע פעדים זענען מיר געבונדן,
אַ נר־תמיד איז אין מיר אָנגעצונדן
דאָס ליכט פון ליבע וועט דאַן אויסגיין,
ווען איך וועל שוין דאָ מער נישט זיין.

## צו מיין אייניקל

קינד פון מיין געביין,
ווי אַ ליכטיקער שטראַל
אין מיינע טונקעלע טעג
ביסט געקומען מיך באַגלייטן
מיין קורצן וועג.

שיקזאַל האָט מיך ווייט פון דיר פאַרטריבן,
האָט זיך אַ בענקשאַפט אין מיין האַרץ פאַרקליבן.

בענק איך נאָך דיין ליבן שמייכל,
נאָך דיין קינדערישן שכל,
נאָך דיין שטיף, פּלאַפּלען, לאַכן.
טראַכט איך פון דיר ביז צום שלאָפן,
ווען מיינע אויגן זיך פאַרמאַכן.

## עס דוכט זיך מיר...

אָפט דוכט זיך מיר
איך בין אַ וואַסערל געוואָרן,
טראָג איך זיך מיטן שטראָם
אין אַ טייכעלע אַ קלאָרן.

גיי איך פאַרביי בערג און טאָלן,
גרינע פעלדער, געדיכטע וועלדער,
די נאַטור שפּראָצט מיט לעבן,
פריי איך זיך דערמיט,
וואָס מיין וואַסער גיט זיי לעבן!

אַמאָל דוכט זיך מיר אַז איך בין אַ ווינט,
לויף איך שנעל, לאָז קיין זאַך נישט דורך,
גלעט איך בליונג און מענטשנקינד.

אין אַ הייסן טאָג טו איך זיי דערפרישן,
פריי איך זיך דערמיט וואָס איך קען
מענטשן פאַרשמאַכטע דאָס לעבן פאַרזיסן!

פיל איך אָן פלעשער וואַסער,
גיבן יעדן דורשטיקן טרינקען,
אַ רחמנות אויף די מענטשן,
וועלכע פאַלן פון דורשט און זינקען.

## דער פרילינג

יאָרן גייען, יאָרן קומען,
פרילינג פאַרנעמט דעם ווינטערס אָרט.
דערנער, שטיינער, אויף די וועגן.
דער פרילינג בליט אומגעשטערט.

שטורעמס און רעגנס איז פאַר אים אַ שפּילעכל:
די זון קומט אַרויס און טריקנט אויס.
די זון קושט אויס יעדעס גרעזל,
וואַקסן פרוכטן און בלומען אויס.

קינדער שפּילן זיך אויף די גאַסן.
דער פרילינג גייט אין שפּיל.
דער ווינטער האָט אים דעם וועג אָפּגעטראָטן,
און שלאָפט ערגעץ זאָרגלאָז שטיל.

## דער בוים

דער שטאַרקער בוים,
קוקט צום הימל אַרויף.
מיט צווייגן און גרינע בלעטער,
איז באַקליידט זיין גוף.

ווען ער פירט געשפּרעכן
מיט זיין פריינד דעם ווינטל:
שושקען זיך די צווייגן
און די בלעטער ציטערן.

נאָר ווען אַ בייזער שטורעם
וויל אים באַזיגן,
קעמפט ער מיט אַלע כוחות
און רוישט מיט אַ מוראדיקן ניגון.

## מײַן מאַמעס לײַכטער

איך בין אין מײַן מאַמעס צימער געווען,
אירע זילבערנע לײַכטער האָב איך דאָרט געזען.
ווי עס האָבן אין זײַ פֿרײַטיק פֿאַרנאַכט ליכט געברענט.
דאָס זענען די לײַכטער וואָס איך האָב געזען אַלס קינד.

די קינדהייט, די יוגנט, דאָס היימלאַנד פֿאַרשוווּנדן,
אָבער די ליכט אין די לײַכטער ווערן יעדן פֿרײַטיק אָנגעצונדן.
דער מאַמעס הענט ציטערן, ווען זי פֿאַרשטעלט די אויגן,
און די ברכה איבער די ליכט וועט די מאַמע נישט פֿאַרגעסן.

דײַנע ליכט, מאַמע, דערמאָנען,
אַז מאָרגן איז אַ טאָג פֿון רו:
מען וועט אַראָפּוואַרפֿן דעם יאָך, פֿאַרגעסן די נויט,
און אָנטאָן אַ שבתדיק קלייד.

## געווידמעט דער פֿאָעטין סיליע מעקנין

אַ יונגער אויסזען, צאַרט און איידל,
איר קוק — ווי פֿון אַן אומשולדיק מיידל,
נישטאָ בײַ איר קיין צדיקים אָדער זינדער,
אַלע זענען גאָטס קינדער,
נישטאָ בײַ איר קיין שלעכטע מענטשן,
דעם ערגסטן וויל זי העלפֿן און בענטשן.

אונטער אירע פֿליגל וויל זי אַלעמען אַרונטערנעמען,
קיינער דאַרף זיך מיט זיך נישט שעמען,
ווײַל גאָט האָט אונדז אַלעמען גלײַך באַשאַפֿן,
נישט קיין העכערער און נישט קיין שקלאַפֿן,
דערפֿאַר זענען בײַ איר אָפֿן אַלע טירן,
אירע טרעפּ צו אַ ליבער היים פֿירן,
עס איז גרייט פֿאַר אײַך אַ טיש, אַ שטול,
און דער טיש — מיט מאכלים פֿול,
זי קען אײַך אירע געשאנקן באַשרײַבן,
און לאָזט עס אויף איר „דעסק״ פֿאַרבלײַבן,
זי האָט פֿאַרגעניגן שרײַבן לידער מיט אַ ניגון,
איך בין שטאָלץ הײַנט
צו האָבן אַזאַ ליבן פֿרײַנד.

## אַנטוישונג

אַלץ אַרום איז ליבלעך
אין די זוניקע טעג.
דו גייסט מיט דיין פּעקל
אויף דיין שווערן וועג.
ווילסט נאָר האָבן כּוח
דאָס פּעקל ווייטער טראָגן,
אָבער די יאָרן טוען זייערס,
ווייל דער ווינטער יאָגט דיך נאָך.

ווילסט דיין שטוב אָנוואַרעמען
מיט דער וואַרעמקייט פון דיין האַרץ.
נאָר אין דיר שטורעמען ווינטן,
רייסן פענצטער און טיר,

זיי טראָגן אַוועק דיינע טרוימען
אין פרעמדע גוטע שטובן,
און ווען דו קוקסט זיך אַרום,
אַליין ביסטו פאַרבליבן.

## דורשט

ווי אַ דורשטיקער אין מדבר
זוך איך אַ וואַסער־קוואַל.
אויף מיין וועג שטויס איך זיך אָן
אָן זאַמד און שטיינער איבעראַל.

שלעפּ איך מיינע מידע פיס
אויפן זאַמדיקן וועג,
און צו מיין דורשט
נעמט גישט קיין ברעג.

פּלוצים פיל איך טראָפּנס פאַלן,
וווּנדער קומט צו מיר פון הימל.
שלינג איך יעדן טראָפּן איין
און פיל מיך ווידער גליקלעך,
ווער פאַרוויקלט אין זיסן דרימל.

און אָט זע איך גרינע וועגן,
און אַ זילבער וואַסער־קוואַל דערביי.
איך הער זיסע מעלאָדיעס,
ווי מלאכים וואָלטן געזונגען אין כאָר.

## דאָס לעבן איז אַ קאָרטן-שפּיל

דאָס לעבן איז אַ קאָרטן־שפּיל,
מען וויל דערשפּילן ביז אַ ציל.
ווען מען פאַרלירט קאָן נאָך קאָן,
דאַן אויפסניי הויבט מען אָן.

ווען מען האָט שוין אַלץ פאַרשפּילט,
דעם ווינטער־אָנקום שוין דערפילט.
עס איז מער נישט וואַרעם, נאָר קאַלט,
ווייל מען איז שוין שוואַך און אַלט.

באַשולדיקט מען דאַן זיך אַליין:
נישט געוווּסט מיטן שפּיל ווי אָנצוגיין,
און דערפאַר איז אַלץ פאַרשפּילט,
ווייל מען האָט די שפּיל נישט גוט געשפּילט.

## אַ גוטע עצה

ווילסטו זינגען, דיכטן,
טו עס פאַר זיך אַליין.
קיינער וועט דיר נישט העלפן,
קיינער וועט דיך נישט פאַרשטיין.

מען וועט אָפּהאַקן דיינע פליגל,
דו זאָלסט נישט וועלן פליען,
דיר אַ וועג אָנווייזן,
וועט קיינער זיך נישט מיען.

דעריבער זאָלסטו ערגעץ
דיין ליד באַהאַלטן.
וועט קיינער דיר נישט שטערן,
און אויך פון דיר נישט לאַכן.

## ווען די נאַכט פאַלט צו

ווען די נאַכט פאַלט צו,
בענק איך נאָך אַ שטיקל רו,
נאָר געדאַנקען לויפן אָן און קלאַפּן אין קאָפּ,
און אַלץ אויפן זעלבן טראָפּ,
אַלץ וועגן דאָס זעלבע.
מיין פאָלק פאַרברענט,
אַלץ צעשטערט.
אונדזערע לעבנס האָבן נישט קיין ווערט.
גאָט, פאַרוואָס קומט אונדז אַזאַ שטראָף?!
און איך האָב אַלץ נישט קיין שלאָף.

איך קלער אַ וווּ זענען מיר געווען,
ווען אַל דאָס בייז איז מיין פאָלק געשען.
איך שרייב און עס ציטערט מיין האַנט,
ווייל איך פיל דעם ווייטיק און שאַנד.
מיין פאָלק, איך האָב נישט מער קיין רו,
ווייל דו ביסט איך און איך בין דו.

## פאַרשידענע וועגן

ווען איך האָב דיר, מיין קינד,
מיט אַ ניגון פאַרוויגט
און מיט ליבע
צום האַרצן געדריקט:
האָב איך נישט געוווּסט,

אַז די צייט וואָס גייט,
האָט פאַרשידענע וועגן
פאַר אונדז אויסגעשפּרייט.

מיט בלוטיקע פעדים
זענען מיר געבונדן,
אַ נר־תמיד,
איז אין מיר אָנגעצונדן.

ווען איך זאָל אַפילו וועלן
אָן דיר פאַרגעסן,
אָבער די ליכט פון ליבע
ווילן זיך נישט אויסלעשן.

## אין גאַנג פון יאָרן

אין גאַנג פון יאָרן און טעג
ווערט פאַרן מענטש אָנגעצייכנט
זיין לעבנס־וועג.
עס הויבט זיך אָן מיט אַ קינדער־שפּיל,
נאָכדעם קומט דאָס ליבע־געפיל.
שפּעטער קומט די מוטערשאַפט,
וואָס איז ווייטיקדיק, זיס.
און פּלוצים בלייבסטו אַליין
מיט דיין איינזאַמקייט ביים טיש.

## אַ שפּאַציר מיט מיין פֿעדער

עס איז רעגנדיק און קאַלט,
די קעלט נעמט דורך די גלידער.
דער רעגן פאַלט און פאַלט,
זיין קלאַנג איז מיר דערווידער.

נעם איך די פעדער, מיין פריינד,
וויל זיך מיט איר דורכריידן:
צוזאַמען זאָלן מיר אויסטראַכטן
פאַר דער נשמה אַביסל פרייד.

גייען מיר אַוועק
אויף ווייטע גרינע וועגן,
וועלכע זענען אויסגעשפּרייט
פאַר אונזערט וועגן.

# ליבע און האַס

ווען פון ליבע און האַס
ווערט אין אייך אַ געמיש,
ווילט איר מיט ליבע אויסהיילן
די וווּנד, וואָס איז פריש.

פאַרנעמט דער האַס
דעם אויבנאָן,
און איר קאָנט מיט אייער ליבע
גאָרנישט טאָן.

# אַמעריקע

אַמעריקע, איך בין ביי דיר נישט געבוירן.
דו האָסט מיך אויך נישט דערצויגן.
אָבער איך האָב דיר געווידמעט אַ טייל פון מיין לעבן,
ביסטו מיר טייער און אייגן.

איך בין אַ גרייטע געקומען דיר דינען,
איך האָב דאָ מיין היים געפונען,
כאָטש נישט קיין גרינג לעבן,
האָסטו מיר גייסטיקע פרייהייט געגעבן.

ווען איך בין פון פאַרפאָלגונגען געלאָפן,
האָב איך דאָ די טויערן פון האָפענונג געטראָפן.
איך האָב געקריגן נייעם מוט צו לעבן.
דאָס האָט מיר אַמעריקע געגעבן.

אַמעריקע, איך האָף אַז דיינע הימלען
וועלן קיינמאָל טונקל נישט ווערן.
ווען דו וועסט באַזיגעגען דיינע שונאים,
וועלן נאָך ליכטיקער שיינען דיינע שטערן.

אַמעריקע איז דאָס איינציקע לאַנד,
וואָס האָט מיין פאָלק נישט געמאַכט צו שאַנד.
דערפאַר וועל איך מיין קאָפּ פאַר דיר בויגן,
ביז איך וועל פאַרמאַכן די אויגן.

## מוט

קומט דער שטורעם דיר אַנטקעגן,
ווער נישט דערשראָקן, בלייב נישט שטיין:
זאַמל כוחות אויף צו קעמפן,
דו זאָלסט קאָנען ווייטער גיין.

דער גייסט פון לעבן וויל נישט וויסן,
ער טרעט נישט אָפּ אויף איין מינוט.
דו מוזט לעבן און דורכמאַכן
אָן אונטערשיד, סיי שלעכטס, סיי גוטס.

אין דער צוקונפט קאָנסטו דערוואַרטן
אַ שיינעם טאָג, אַ זונען־שטראַל.
דו האָסט שוין גענוג געליטן
און דערגרונטעוועט דעםליידנס־קוואַל.

דו האָסט שוין אויסגעטרונקען דעם בעכער
מיטן ביטערן געטראַנק,
אָבער דיין לעבן קאָן נאָך אויפגיין
ווי אַ שיינער געזאַנג.

## זיי האָבן זיך דערקענט

זיי האָבן זיך דערקענט
ווען זיי האָבן זיך געטראָפן.
פון דער לעצטער באַגעגעניש
זענען יאָרן און יאָרן פאַרלאָפן.

זי האָט פון אים געטראַכט
ווי פון אַ יונגן ריטער.
ווען זי האָט זיך דערמאָנט אין אים,
האָט זי דערפילט אַ זיסן ציטער.

זיי האָבן זיך געטראָפן
און זיך דערקענט,
אָבער דאָס יוגנט־פייער,
איז בייביידע שוין אויסגעלאָשן.

## אַ שפּריץ אין גאַס

פון הימל שיט זיך פייער,
אַ שרעקלעכע היץ.
פאַר אָרעמע קינדער
אין מיטן גאַס אַ שפּריץ.

ביי אַ ראָג פון גאַס,
האָט מען געעפנט אַ רער.
קינדער אין באָד־קליידער
דרייען זיך אַהין־אַהער.

זיי טאַנצן אויף די האַרטע שטיינער,
אויף די מערסטע קינדער הויט און ביינער.
זיי לאַכן און פרייען זיך פון גרויס פאַרגעניגן,
וואָס מען לאָזט זיי אין מיטן גאַס קאַלט וואַסער קריגן.

עס איז נישטאָ קיין שפּיל־פּלעצער,
פאַרמאַכט מען אַ גאַס,
נישטאָ קיין באָד־פּלעצער
ווערט מען פון אַ רער נאַס.
עס איז נישטאָ קיין דערפרישונג
פון קיין בוים און גראָז.
עס ליידן די גרויסע, די קליינע. פאַרוואָס?

## געדאַנקען צו פאַרקויפן

געדאַנקען צו צעטיילן, — הערט מען אַ שטים.
עס ווערט שטיל. מען קוקט זיך אַרום.
וואָס איז דאָס פאַר אַ סחורה,
און וואָס קאָן מען פון דעם מאַכן,
האָט גענומען דער המון שפּאָטן און לאַכן.

איינער זאָגט: פאַר געדאַנקען גיב איך נישט קיין דרייער,
היינט זענען געדאַנקען מער נישט טייער...
אַ צווייטער זאָגט: פאַר געדאַנקען צו באַצאָלן בין איך גערן,
אָבער זאָלן אַנדערע קלערן.

דער מענטש מיט די געדאַנקען האָט זיך אַנטפּלעקט:
נישט פאַר קיין געצאָלט ווערן מיינע געדאַנקען אויפגעדעקט,
נאָר פאַר מענטשלעכע הערצער, פאַר אַ קאָפּ וואָס וויל
פאַרשטיין.
פאַר אַ געפילפולן מענטש, וואָס וועט באַנעמען מיין מיין...

## ווי אַ שטילער געזאַנג

אַ גוטער געמיט,
איז ווי אַ שטילער געזאַנג.
צו לעבן און לאַכן,
איז דאָ אַ פאַרלאַנג.

רייכטום איז נישט שטענדיק
מיט גליק באַגלייט.
אויף אַ פּראָסטן טישטעך
שמירסטו מיט האָניק דיין ברויט.

## איך בין נישט אַליין

דער טאָג טראָגט מיינע ליבע אַוועק,
די נאַכט ברענגט זיי צוריק.
איך דערוואַרט זיי מיט ציטער, מיט שרעק,
ווייל אין זיי ליגט מיין גליק.

איך האָב די קינדערס צימערן
אָנגעפילט מיט אַראָמאַטן.
איך פיל דאָס איך בין נישט אַליין,
און וואַרט אויף זייער קומען צוריק צוגיין.

אין דער גרויסער וועלט,
איז מען צו געפאַרן אויסגעשטעלט.
איך האָף, אַז קיין שלעכטס וועט זיי נישט געשען,
און גרייט פאַר זיי צו אַ געצעלט.

## סעפּטעמבער 1944

מײַן מאַן איז אין שפּיטאָל,
די לופט איז שווער
ווי מײַן געמיט.
עס שרעקט מיך יעדער שאָרך און טריט,
איך בין פאַרגליווערט אין מײַן פּײַן,
ווײַל איך ווייס נישט וואָס עס וועט מאָרגן זײַן.

יאָרן לאַנג געליטן, געשטרעבט:
חלומות שיינע געוועבט.
די זון שטראַלט ליכטיק אין שײַן.
איצט ווייס איך נישט וואָס עס וועט זײַן.

## ווען עס קומט אַ פרײַנד צו דיר

ווען עס קומט אַ פרײַנד צו דיר,
עפן אויף ברייט פאַר אים דײַן טיר.
דערציילט ער דיר פון זײַן גויט:
אים צו העלפן זײַ שטענדיק גרייט.

האָסטו זיך אַנטוישט אין דײַן פרײַנד,
פאַרגעס דעם נעכטן, טראַכט פון הײַנט.
זײַ צופרידן מיט דײַן לעבן,
ווײַל דו האָסט נישט געבעטן, נאָר געגעבן.

## אָקטאָבער 1946

די זון געשײַנט האָט ליכטיק,
געוואַרעמט אַזוי האַרציק,
ווען מען האָט געהאָנגען די נאַציס
אין אָקטאָבער, 1946.

ביימער האָבן געשעפּטשעט סודות,
פֿייגל זענען אין געזאַנג פֿאַרגאַנגען
אין אָקטאָבער, 1946.
ווען מען האָט די נאַציס אויפֿגעהאָנגען.

ווינט געקושט האָט גראָז און פֿעלד,
געגלעט מײַנע נקמה־פֿאַרלאַנגען
אין אָקטאָבער, 1946,
ווען מען האָט די נאַציס אויפֿגעהאָנגען.

אַזוי פֿיל יאָרן האָבן מיר געליטן און לעבן,
ווען אַנדערע פֿעלקער זענען פֿאַרשוווּנדן.
ווי גוט עס איז צו זינגען,
אַז מען האָט די נאַציס אויפֿגעהאָנגען.

גרויס איז געווען אונדזער פֿאַרלוסט,
שווער דער צער און פּײַן.
פֿון אָקטאָבער, 1946, וועט אַ נײַער פּורים זײַן.

## לויפֿנדיק וואַסערל

לויפֿנדיק וואַסערל, שטעל זיך נישט אָפּ,
טראָג זיך איבער בלאָטעס און זומפּן אַראָפּ.
טאָמער טרעפֿסטו שטיינער אין וועג,
לויף מיט אַ סטעזשקע, מאַך זיך אַ שטעג.

וואַש אָרעמע קליידעלעך אויס,
באָד אָרעמע קינדערלעך אויס.
גיב דײַן וואַסער דורשטיקע טרינקען,
וועלן די שטערן אין הימל אין דיר זיך טונקען.

# אַ מאַמע לויפט

אַ מאַמע לויפט פון פאַרפלוכטן לאַנד,
זי האַלט אַ קינד אויף דער האַנט:
זאָל זי גיין אין דער לענג,
אָדער אין דער ברייט?
זי ווייסט נישט אַ וווּ איז לעבן, אַ וווּ איז טויט.

דער שטורעמווינט, ער לויפט איר נאָך,
און דערמאָנט איר אין איר בראָך.
זי דריקט איר קינד צו איר ברוסט,
און דאָס קינד הוסט און הוסט.

# דער שטורעמווינט

(געווידמעט מיין זון פון ניו־יאָרק)

דער שטורעמווינט,
בייז און געשווינד,
האָט אויפגעפּראַלט מיין טיר
און דערגרייכט צו מיר.
ער האָט מיין קינד אַוועקגעטראָגן
אויף ווייטע וועגן.
טראַכט איך טאָג און נאַכט
ווי לעבט זיך אים אין דער פרעמד?

צי איז ווייך זיין בעט,
צי זענען זיינע עסנס פעט.
ווער האַלט זיינע זאַכן ריין?
ער איז דאָך דאָרט אַליין.
ווער וואַרט ביינאַכט אויף אים,
ווער עפנט אים די טיר?
ווער הערט זיינע געדאַנקען אויס?
אַך, מיין קינד, מיין האַרץ נאָך דיר גייט אויס,
אַ וווּ נאָר מיין בליק פאַלט,
זע איך דייך געשטאַלט.
די האָפענונג עפנט אויף מיין טיר,
אַז דו קומסט צוריק צו מיר.

## אין דער שטילקייט

ווען דו ליבסט און ווערסט געליבט,
פילסטו אַ געטלעך געפיל.
מען קוקט איינער אויפן צווייטן מיט שטומע בליקן.
די שפּראַך פון פאַרליבטע איז שטיל.

ווען דו ווערסט באַהערשט
פון נישט באַפרידיקטע באַגערן,
ווייִנסטו אין דער שטיל,
קיינער זאָל נישט הערן.

אין דער שטילקייט קאָנסטו פון דיינע געדאַנקען
זיידענע פעדים שפּינען.
וועבסט זיך אויס און גייסט אויף אַ קלייד,
און טוסט איר אָן אויף זיך.

## איך שטיי צעבראָכן, געבויגן

איך שטיי צעבראָכן, געבויגן,
פון די קלעפּ אויף מיין פאָלק אומעטום.
עס פאַרלויפן מיט טרערן די אויגן
און אַלץ ווערט פינצטער אַרום.

מען האָט זיי אין בלוט דערטרונקען,
אַלץ צערויבט און צעשטערט.
מיר שטייען ביים אָפּגרונט צום זינקען.
די וועלט האָט נאָך אונדזער געשריי נישט דערהערט.

נאָר ווען איך קוק צו דעם מזרח דעם ווייטן,
זע איך אַ ליכטיקן שטראַל:
מיינע ברידער דאָרט אַקערן און זייען,
כאָטש דער וועג איז שווער איבעראַל.

דאָ גלייך איך אויס מיינע גלידער
דאָס לעבן קריגט אַ זין אויפדאָסניי.
איך באַגריס אייך מיט ליבע, מיינע ברידער:
איר נעמט איין אַ לאַנד אָן אַ שווערד און אָן בליי.

## דער אומעט

דער אומעט האָט ווי אַ הימלאָזער הונט
צו מיר זיך אָריינגעקליבן,
מיך האָט ער פון הויז פאַרטריבן.
וואַנדער איך אַרום אַליין און וויל פון אומעט אַוועקגיין.

גייט ער מיר נאָך טריט ביי טריט,
מיך צו פאַרפאָלגן ווערט ער נישט מיד.
אויף אַ שמחה, ביי אַ געדעקטן טיש,
מוליעט ער זיך צו מיינע פיס.

גיי איך אַהיים און פאַרמאַך פענצטער און טיר.
פלוצים, ווי אַ שאָטן, וואַקסט ער אויס פאַר מיר.
ער פרעסט מיין האַרץ ביז געוויין,
און לאָזט מיך קיינמאָל נישט אַליין.

איך וועל מיינע טרערן
ווי טייערע פערל קלייבן.
זיי וועלן אין מיינע געדאַנקען
אייביק דאָרט פאַרבלייבן.

## ווערטער

איך האָב אַ שפיל פון ווערטער מיר געמאַכט,
מיט זיי געוויינט, מיט זיי געלאַכט.
ווען איך ווער באַהערשט פון שטאַרקע געפילן,
קאָן איך זיך מיט ווערטער דאַן נישט שפילן.

ווערטער קאָנען נישט איבערגעבן
דעם מענטשס פאַרלאַנגען, זיין שטרעבן.
ווערטער קאָנען נישט אויסמעקן
די קייט פון ליידן.

דאָך העלפן מיר ווערטער דערציילן אַ סך.
מיט גוטע ווערטער קאָן מען היילן.
מיט קלוגע ווערטער קאָן מען טרייסטן,
און מאָלן גרינע בערג און טאָלן.

לאָזט זיך ווערטער פאַר מיר אַנטפלעקן,
וועל איך פאַר אייך מיין האַרץ אויפדעקן.

## איינזאַמע נעכט

איינזאַמע נעכט, איך קאָן אייך נישט פאַרגעסן.
איך וואַרט מיט אומגעדולד, עס זאָל שוין אָנהייבן טאָגן.
איך האָב ליב דעם טאָג, ווייל ער רודערט מיט לעבן.
עס טרעפט אויך אַ טאָג, וואָס קאָן מיר עפּעס געבן.

עס טרעפט אויך אַ טאָג, ווען איך קאָן עפּעס שאַפן,
עס טרעפט אויך אַ טאָג, אַז איך האָב שיינקייט געטראָפן.
עס טרעפט אויך אַ טאָג, ווען די זון שיינט אַריין אין מיין
צימער,
דאַן פאַרגעס איך מיין איינזאַמקייט און קימער.

## קינדער-יאָרן

יאָרן קינדערישע, גיך פאַרפלויגענע,
נישט געצערטלטע, נישט דערוואַרעמטע.
יאָרן אָן שפּילערייען.
פאַרלאַנגען נישט דערפילטע.
דאָך טליעט אַ געוויין,
פאַר זייער פאַרגיין.
יאָרן, מאַמעשי, פול מיט ציטער און ליבע
פאַר יעדן גליד,
פון צייטן ביטערע,
פון קראַנקהייטן פאַרשידענע,
מיט שרעק איבערן קינדס וויגעלע.
דאָך טליעט אַ געוויין
פאַר זייער פאַרגיין.

## אברהם רייזען

(געווידמעט אברהם רייזענען צו זיין 60־יאָריקן יובילײ)

גרויסער מייסטער, ווו האָסטו גענומען
די צויבער־פעדים
אויסצומאָלן די לעבנס־בילדער ?
זיי זענען נישט נאָר בלוט און פלייש.
יעדעס בילד אָטעמט מיט לעבן.

אפשר איז דאָס אַ צויבער־פענזל.
האָסט נישט געוועבט, נאָר געמאָלן
שטעט, דערפער, וואַלד און פעלד,
לעבנס פון וואַלד און טאָלן.

וויל איך זיך מיט אַ שטעטעלע באַקענען,
דאַרף איך נישט אין ערגעץ פאָרן.
איך נעם דיינס אַ ביכל און
זע בילדער פאַרגאַנגענע פון יאָרן.
איך ווינטש דיר לאַנגע יאָרן,
דיין אַרבעט זאָל נישט ווערן געשטערט.
זאָלסט דערלעבן מאָלן בילדער
פון אַ ליכטיקער פרייער וועלט.

## אַ מאַמע

הייליק איז די מאַמע
ביי אַלע פעלקער און ראַסן.
נאָך הייליקער איז די מאַמע
ביי די יידישע מאַסן.
מיט גרויס ווייטיק
האָט זי לעבן אונדז געגעבן,
מיט גרויס מי האָט זי אונדז צוגעגרייט צום **לעבן.**

אַ מאַמע אָפּפערט פאַר איר קינד,
פון איר ליבן פּנים שיינט אַראָפּ דער חן.
אין אירע מידע אויגן,
איז די ליבשאַפט זייער שיין.

גיט אָפּ כבוד אייער מאַמען :
זי האָט דאָס פאַרדינט.
נישט אָפּשאַצן אַ מאַמען,
איז אַ גרויסע זינד.

# וועלף

ווען אין וואַלד איז אַ שטורעם אויסגעבראָכן,
זענען די וועלף פון די נאָרעס אַרויסגעקראָכן.
זיי האָבן געוואָלט באַהערשן דעם וואַלד און אַלע חיות
און קעניגן איבער אַלעמען.

יעדער קאָן פאַרשטיין,
אַז וועלף האָבן שאַרפע ציין.
פאַר גערעכטיקייט קיין געפיל.
מאָרדן, רויבן, איז ביי זיי אַ שפּיל.

פאַר די ערשטע כפּרות האָבן זיי
די שעפּעלעך געמאַכט.
געטריבן, געברענט און אומגעבראַכט.
אַז דער וואָלף מאַכט פון די שעפּעלעך אַ תל,
האָבן די חיות געזען און געהיט זייער פעל.

אַז די חיות זענען צו די וועלף געווען גוט,
האָבן די וועלף געגאַרט וואָס מער בלוט.
זיי האָבן געבראָכן ביימער און געטראָטן אויף בלומען,
אַ האַלבן וואַלד איינגענומען.

די וועלף האָבן געקעמפט מיט לייבן,
זיי נישט געקאָנט בייקומען.
האָבן זיי זיך צו דעם גרויסן בער גענומען.

דער בער האָט זיך פון יאָרן צום קאַמף געגרייט,
דאָך האָט זיך דער וואָלף אויף זיין טעריטאָריע אויסגעשפּרייט.
האָט דער בער אָנגעגורט זיינע לענדן
און זיך גענומען צום קאַמף.

דער אָדלער, וואָס איז פון אַלעמען ווייט,
האָט נישט געטראַכט פון גיין אין שטרייט.
איז דער גיפטיקער שלאַנג געקומען
און האָט אים פאַר די פיס גענומען.

ווען דער אָדלער האָט זיך אַרויסגעריסן,
איז ער געווען פון שלאַנג געביסן.
האָט דער אָדלער זיינע פליגלען אויסגעשפּרייט
און צום קאַמף געוואָרן גרייט.

אָדלער, לייב און בער
האָבן זיך באַטראַכט
און אַ דריי איינִיקן בונד געמאַכט.
חיות פון אַלע שיכטן,
האָבן זיי געהאָלפן די שונאים פאַרניכטן.

די שעפּעלעך, וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט,
צו העלפן זענען שטענדיק געווען גרייט.
דער לייב האָט די שעפּעלעך פיל פאַרשפּראָכן,
ער איז געקומען צום אָדלער זיך באַראַטן,
ווי אַזוי די שעפּעלעך צו פאַראַטן.

ציוויליזירטע חיות, איר מעגט די שעפּעלעך געטרויען,
זיי ווילן נישט שטערן, זיי ווילן נאָר בויען.
זיי ווילן מער נישט ברענגען און ווערן צו שאַנד.
זיי זענען אַ פאָלק און דאַרפן אַ לאַנד.
מיר וועלן נישט רוען ביז מיר וועלן אויספירן,
מען זאָל פון אונדזער היימלאַנד
עפענען די טירן.

## דער דאָרן

פון דאָרן ווען איך טראַכט,
באַוווּנדער איך זיין גרויסע קראַפט.
טויזנטער יאָרן זיך אָנגעליטן,
און פאַרניכטונג אויסגעמיטן.

וויפל מערדערישע הענט,
האָבן אים געברענט און נישט פאַרברענט.
וויפל שטורעמס האָבן אים געריסן,
אָבער דעם וואָרצל נישט אַרויסגעריסן.

די מערדער וועט נישט העלפן פייער און פלאַם,
זיי וועלן נישט פאַרניכטן אונדזער שטאַם:
זיי וועלן צעברעכן זייערע הענט,
דער דאָרן וועט קיינמאָל נישט ווערן פאַרברענט.

## איך בין אויף פיל וועגן געגאַנגען

איך בין אויף פיל וועגן געגאַנגען,
און טייכן איבערגעשווומען.
קיינמאָל נישט דערפילט מיינע פאַרלאַנגען,
צו דעם געגאַרטן פלאַץ נישט געקומען.

איך האָב פיל שטורעמס דורכגעמאַכט
און מיין מוט נישט פאַרלוירן.
איך האָב אַלץ געהאָפט, געטראַכט,
אַז איך וועל צום געגאַרטן פלאַץ דערפאָרן.

האָט מיך אויף מיין שווערן וועג
אַ גרויס אומגליק געטראָפן:
איך בין געבליבן אַליין אין וועג,
האָב איך אויפגעהערט האָפן.

בין איך געבליבן שטיין
און וויל אין ערגעץ נישט גיין.
פאַר קיין זאַך האָב איך קיין שרעק,
ביז איך וועל אין דער אייביקייט אַוועק.

מען האָט מיין לוסט אויסגעזויגן,
און פאַרטונקלט מיינע אויגן.
איך וויל זיך צום לעבן נישט בינדן:
מיין ווייטיק איז שווער צו לינדן.

## ווען דאָס לעבן גייט ווי געגאַרט

ווען דאָס לעבן גייט ווי געגאַרט,
פילסטו זיך אין מענטשן גענאַרט.
גלייבסט זייערע שמייכלען און זיסע רייד.
די זון שיינט ליכטיק דאַן פאַר דיר,
אָפן איז פאַר דיר יעדע טיר.
יעדער האָט מיט ליבשאַפט דיך באַגלייט.

האָט אַ קאַטאַסטראָפע דיך געטראָפן,
האָסטו דיין אמת אויף דיין וועג געטראָפן,
עפנסטו דיינע אויגן,
וועלקן דאַן די פריינטשאַפט־בלומען,
און דו ווילסט זיי נישט באַגיסן.
פון פאַלשע רייד און פאַלשע שמייכלען
ווילסטו מער נישט וויסן.

## אַ ליד

איך האָב אַמאָל אַ ליד פאַרפאַסט
מיט האָפענונג און גלויבן,
אַז קומען וועט אַ צייט
מיט אַ זיס לעבן.

האָט די זון געשיינט אַ ווײַלע,
געוואַרעמט מיינע גלידער.
האָבן וואָלקנס זיך פאַרצויגן,
און עס האָט גערעגנט ווידער.

## גרינע בלעטער, ראָזע בלומען

גרינע בלעטער, ראָזע בלומען,
ווי שיין איר זענט אין אייער בלי־צייט.
ווי עס פרייט מיך אייער קומען,
אַזוי טוט מיר וויי, ווען איר פאַרגייט.

ליבע יוגנט, זיסע ליבע.
עס האָט דאַן די פרוי אין מיר דערוואַכט.
און די טעג די טונקעלע און טריבע,
האָבן גוטע דערינערונגען געבראַכט.

## אויגוסט 1, 1951

דער ווינט האָט געבלאָזן פון אַלע זייטן,
געוואָלט מיין בלוט פאַרפרירן.
האָב איך אין מיין היים וואַרעם געמאַכט,
און פאַרמאַכט די פענצטער און טירן.

נאָר דער אומעט אומגעבעטן,
האָט זיך אין מיין היים פאַרקליבן,
האָב איך זיך מיט אים געראַנגלט
און ער האָט מיך פון מיין היים פאַרטריבן.

איך האָב זיך אין וועג געלאָזן,
פון אומעט אַנטלאָפן.
אַ טייוול אין אַ פרויען־געשטאַלט,
איז מיר דעם וועג פאַרלאָפן.

זי האָט מיין כוס פון טרערן פול געמאַכט.
איך דענק אַז עס גייט שוין אַריבער.
באַהיט מיך גאָט פון אַזוינע שלעק:
זאָל מיין קורצער וועג מיר רויק אַריבער.

## אין דער שטילקייט

אין דער שטילקייט טראָגסטו זיך
אין דיין קינדער־לאַנד אַוועק.
אין דער שטילקייט לעבסטו איבער
יוגנט־פרייד און עלטער־שרעק.

אין דער שטילקייט זעסטו
בילדער זייער פיל.
לעבסט זיי ווידער איבער,
ווייל אַרום דיר איז שטיל.

אין דער שטילקייט קאָנסטו פון דיינע געדאַנקען
זיידענע פעדים שפּינען...

## די שיף

פון גלות געיאָגט, פון פאַרפאָלגונגען געטריבן,
האָבן זיך מיינע ברידער אויף אַ שיף פאַרקליבן
מיט דער האָפענונג צו קומען צו אַן אָרט,
ווו מענטשן חיות לעבן נישט דאָרט.

די שיף האָט זיך געטראָגן טאָג און נאַכט,
און צו קיין ברעג נישט דערגאַנגען,
ווייל די שטאַרקע האָבן די ברעגן פאַרשטעלט,
מיט געווער אין די הענט פאַרכאַפּט גאָטס וועלט.

אויף דער שיף פעלט אויס וואַסער,
עס פעלט אויס ברויט.
מען זעט פאַר די אויגן ווי עס לויערט דער טויט.
די כוואַליעס וואַרפן ווי אַ שפענדל די שיף,
און דער טרויער פון די מענטשן איז טיפער ווי טיף.

אין אַן עת־צרה איז שטענדיק דער פאַל,
אַז מען זוכט אויף אַ ליכטיקן שטראַל.
אָבער דאָ איז געווען פאַרקערט און אַלץ האָט געבראַכט
נאָך מער שוואַכקייט פון דער פינצטערער נאַכט.

ביי איין ברעג האָט אַ פאָלק פאַרלאָשן די ליכט,
ווען די פינצטערניש איז געוואָרן געדיכט.
ישראל־חלוצים האָבן זייערע ברידער פון שיף באַפרייט
און אויף פאַרשידענע וועגן זיי אויסגעשפרייט.

די שאָטנס, וואָס מען זעט זיך קוים באַוועגן,
דאָס זענען פעדים וואָס וועלן וועבן
אַ לעבן אַ פרייען אָן ווייטיק און שאַנד,
ווי גוצלעכע מענטשן אין זייער אייגן לאַנד.

## פריינטשאַפט

יאָרן גייען, יאָרן קומען,
אַזוי דער מענטש קומט און גייט.
איינעמס וועג איז פאַרשפרייט מיט בלומען,
דעם צווייטנס מיט דערנער אויסגעשפרייט.

## צו אַ פריינד

ווילסטו, מיין פריינד, איך זאָל דיר שרייבן
און אַלץ דערציילן.
דאַרף איך מיין ווונד אויפדעקן?
שווער וועט זיין אַלץ איבערגעבן.

אַ מענטש האָט זיך געקלאַמערט אין לעבן
מיט נעגל און ציין.
נישט געוואָלט פאַלן,
נאָר וויטער גיין.
און ווען ער איז צו זיין געגאַרטן פלאַץ געקומען,
האָט גאָט פון אים זיין חבר צוגענומען.

אַ מענטש האָט אין לעבן געהאָפט, געשטרעבט:
חלומות שיינע געשפינט און געוועבט.
עס האָט שוין געהאַלטן ביי ווערן שיין,
איז דער מענטש פלוצים געבליבן גאַנץ אַליין.

## אַ ליבער, גוטער פריינד

דער וואָס האָט אויף זיין וועג געטראָפן
אַ גוטן פריינד:
מעג זיין פינצטער אַרום,
פאַר אים דער וועג ליכטיק שיינט.

ווייל ליבע האָט זיי פאַרבונדן,
אַ פייער פון פרייד אין זיי געצונדן.
בליען דאַן די ליבע־בלומען,
דו האָסט דיין לעבנס־פריינד געפונען.

## ליבע, דו הייליק פייער

ליבע, דו הייליק פייער,
שטענדיק ביסטו ביי מיר טייער.
דו האָסט מיך צום לעבן געבונדן,
נייע פייערלעך אין מיר אָנגעצונדן.

איך האָב לאַנג געוואַרט אויף דיין קומען.
וואַרטנדיק אויף דיר האָב איך אַלץ פאַרנומען.
אין שטורעמס און וועטערן טריבע,
האָט מיך געוואַרעמט די ליבע.

מיט דיר איז אַלץ גוט און פיין:
אָן דיר האָט קיין ווערט דער דאָזיין.
מיט דיר קאָן איך וויינען און לאַכן,
ביז איך וועל מיינע אויגן פאַרמאַכן.

## יוגנט-פריינט

איך בענק נאָך דיר, מיין יוגנט־פריינד,
עס איז פּוסט דער נעכטן און דער היינט.
אַ ווו נאָר מיין בליק פאַלט,
זע איך דאָרטן דיין געשטאַלט.

איך זע דיין שאָטן ביים פענצטער שטיין,
דו וואַגסט נישט אין דיין שטוב אַריינצוגיין.
מיינע פיס ווילן גיין
דאָרט אַ ווו עס שטייט דיין שאָטן.

ווען די זון שיקט אירע שטראַלן אַרויף,
מיין געדאַנק איז נאָר אויף דעם,
אַז די זון שיינט אין אָנדענק פון דיר,
און אירע שטראַלן זענען אַ טייל פון דיר.

ווען די לבֿנה קומט רונד אַרויס,
דיין פּנים קוקט פון דאָרט אַרויס.
ווען דער ווינט קלאַפּט אין מיין טיר,
דענק איך אַז דו קומסט צו מיר.

איך ווייס, דו ביסט אויף אייביק אַוועק,
טראַכט איך פון דעם — באַפאַלט מיך אַ שרעק.
איך ווייס, אַז דו קומסט נישט מער צו מיר,
און איך וועל אַמאָל גיין צו דיר.

## אַ פֿאַנטאַזיע

אין טיפֿן וואַלד פֿוןביימער באַוואַכט
שטייט אַ שטיבעלע שטיל פֿאַרטראַכט.
אין דעם שטיבעלע וווין איך אַליין,
קיינער קומט נישט צו מיר צו גיין.

טראַכט איך פֿון דער צייט וואָס איז געווען
און וואָס וועט זיין:
קלעפּן זיך מיינע אויגן
און איך שלאָף איין.

חלומט זיך מיר: מען קלאַפּט אין טיר.
עפֿן איך אויף און אַ מענטש קומט צו מיר.
ער זאָגט: איך האָב פֿאַרבלאָנדזשעט פֿון וויטן וועג,
לאָז מיך דאָ פֿאַרברענגען מיינע לעצטע טעג.

רוף איך אים אין שטוב אַריין,
און מיר טרינקעןביידע וויין.
איך קוק אים אָן און דערזע,
אז דאָס איז גאָר מיין יוגנט־פֿריינד.

די ביימער רוישן, דער ווינט קלאַפּט אין טיר.
איך כאַפּ זיך אויף. קיינער איז נישטאָ ביי מיר.
קוק איך צום פֿענצטער מיט פֿאַרדרוס.
שיקט אַ בוים צו מיר אַ גרוס.

## אַך, דו ברייטער ים פֿון לעבן

אַך, דו ברייטער ים פֿון לעבן
וואַרפֿסט מיין שיפֿל אַרויף־אַראָפּ.
איך פֿאַרליר דעם באַלאַנס
און עס דרייט זיך מיר דער קאָפּ.
אַרבעט איך מיטן רודער,
קעמף מיטן שטורעם גאַנץ אַליין.
קומט אַמאָל אַרויס די זון,
ווערט אַלץ אַרום אַזוי שיין.

טראָג איך זיך מיט מיין שיפֿל,
מיינע טרוימען זענען וויט.
צי וועל איך צום געגאַרטן פּלאַץ קומען,
עס איז אַזוי קורץ מיין צייט.

## די צייט

די צייט איז שנעל געלאָפן.
אויף איר וועג האָט זי די עלטער געטראָפן.
די עלטער איז געווען געבויגן,
האַלב פאַרמאַכט האָט זי אירע אויגן.

זאָגט די עלטער צו דער צייט:
איך וויל ווערן פון דיר באַפרייט
דיין שטענדיקן יאָגן,
קאָן איך נישט פאַרטראָגן.

צו דער עלטער זאָגט די צייט:
אויב דו ווילסט פון מיר ווערן באַפרייט,
דאַרפסטו דער אייביקייט געהערן.
דאַן וועסטו נישט עלטער ווערן.

זאָגט די עלטער: ניין,
לאָמיר שוין בעסער צוזאַמען גיין.
אויף דיין שטענדיקן יאָגן,
וועל איך זיך נישט באַקלאָגן.

## ווען די זון פאַרגייט

ווען די זון פאַרגייט און איך בין אין צימער אַליין,
אומגעבעטן קומט צו מיר דאַן אַ גאַסט צוגיין.
נישט דורך טיר און פענצטער שלייכט ער אומגעבעטן זיך אַריין,
און זיצט ווי איינער וואָס וויל נאָר ביי מיר זיין.

ער איז אומעטום אַ ווו מיין אויג זיך ווענדט,
ווי אַ בייזער שאָטן שוועבט ער אויף די ווענט.
איז דאָס דער טייוול, אָדער דער אומעט? ווי איז זיין נאָמען?
ווי קאָן איך אים אויסמיידן, ער זאָל צו מיר נישט קומען?!

## דער שפּיגל איז מײַן אַלטער פֿרײַנד

דער שפּיגל האָט מיר געוויזן
אַ פֿיגור שלאַנק און איידל.
איך האָב אין אים געזען
אַ צויבערדיק מיידל.

דערנאָך האָט ער מיר געוויזן
גאָר אַן אַנדערע פֿיגור:
פּלעקן אויף מײַן פּנים
און טרויער אין מײַן בליק.

מיט דער צײַט האָב איך
אַ נײַעם שפּיגל אויסגעפֿונען:
אַ וואַנעלע מיט וואַסער,
אַ קינדעלע דערינען.

עס פּליעסקעט מיט די הענטלעך
און עס קלאַפּט מיט די פֿיס.
אַך, ווי דער שפּיגל,
איז מיר געווען ליב און זיס.

הײַנט איז מײַן אַלטער פֿרײַנד
ווידער צו מיר געקומען.
איך קוק און זע אין אים
אַ פֿרוי מיט אַ צעקנייטשט פּנים.

## אָן אַ ציל

אַזוי ווי אויף אַ גרויסן ראָד
דריי איך זיך אָן אַ ציל.
עס רוישט און קלאַפּט אין מײַן קאָפּ:
מיט מיר דרייען זיך מענטש פֿיל.

מיר קומען נישט צו קיין נײַעם פּלאַץ,
נאָר דרייען זיך אויפֿן זעלבן אָרט.
און מיר זענען נאָך אין שרעק,
טאָמער שטעלט זיך אָפּ דאָס ראָד.

דאַן בלײַבן מיר אין מיטן וועג
און ווייסן נישט וווּהין צו גיין,
אויסצוטרעטן אַליין אַ וועג.
שוין צײַט מיר זאָלן פֿאַרשטיין...

## צו שפּעט

ער איז צו איר געקומען און געבעטן,
אַז זי זאָל ווערן זיין ווייב.
ער האָט געליבט איר אומשולד,
איר נישט באַרירטן לייב.

ער האָט געוואַרט אויפן דערפּאָלג,
וואָס זאָל אים העלפן זיין כלה פּאַרזאָרגן.
אַזוי איז אַוועק דער היינט,
און קיין דערפאָלג האָט געבראַכט דער מאָרגן.

ווען ער איז פון זיין כלה אַוועק,
איז זיין יונג בלוט געווען פאַר ליבע רייף.
האָט ער אויפן וועג אַהיים
אַביסעלע ליבע געקויפט...

אויף מאָרגן, ווען ער איז צו איר געקומען,
האָט ער איר געבראַכט ווייסע בלומען,
און געקושט איר אַזוי צאַרט.
ווען ער איז אַוועק, האָט ער זי ווידער גענאַרט.

ענדלעך איז געקומען די צייט,
ער האָט פאַר איר אַ היים געבויט,
געגעבן איר אַלץ, וואָס געלט קאָן קריגן,
נאָר נישט קיין מענטשלעכן פאַרגעניגן.

## אין יאָך

טאָג איין טאָג אויס
בין איך אין יאָך געגאַנגען,
און קיינמאָל נישט געהאַט
באַזונדערע פאַרלאַנגען.

שטענדיק געשלעפּט זיך,
אין וועטער אין טריבן,
און פון מיין גאַנצער מי
איז מיר גאָרנישט געבליבן.

## פאַרמאַטערט פונעם לעבן

מיד, פאַרמאַטערט פונעם לעבן,
גייסטו יעדן טאָג אין שפּאַן.
און דו ביסט נאָך צופרידן,
וואָס די אַרבעט איז פאַראַן.

אין גערויש פון די מאַשינען
טראַכסט פון גאָרנישט, האָסט קיין באַגער.
אין דער אַרבעט איז דיין זינען:
גוטע אַרבעט און נישט מער.

ווען דו פאָרסט מיט דער סאָבוויי,
מאָלט דאָרט ווי אין אַ מיל.
דו דענקסט, דו ביסט אַריינגעטאָן אין דעם טומל,
אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ ציל...

קומסט אַהיים און טרעפסט דיין קינד אין בעטל.
דאָס קינד קוקט מיט פאָרוווּרף און האַלט איין דעם געוויין.
ביסט אַוועק ברויט פאַרדינען,
דיין קראַנק קינד געלאָזן אַליין.

ווער קאָן דעם ווייטיק פילן,
נאָר אַ מאַמע אַזאַ ווי דו,
וואָס גייט יעדן טאָג צו דער אַרבעט.
און דאָרט האָט זי נישט קיין רו.

## ווען די זון איז אויפגעגאַנגען

ווען די זון איז אויפגעגאַנגען
און אירע שטראַלן אויסגעשפּרייט,
האָבן זיך אויפגעוועקט מיינע פאַרלאַנגען,
צו זוכן אין לעבן אַביסל פרייד.

בין איך אויף דאָס ניי געבוירן
און פיל זיך זאָרגלאָז ווי אַ קינד.
איך לאָז זיך וואַרעמען פון דער זון
און גלעטן פון דעם ווינט.

## די גאַסן אין ווייסן

די גאַסן אין ווייסן,
ליכטיק און שיין.
דער הימל אַ העלער,
די לופט אַזוי ריין.

עס פילט זיך אַ חיות,
איך פאַרגעס מיינע זאָרגן.
איך פיל מיך יונגער
און טראַכט נישט פון מאָרגן.

איך וואָלט אייביק שפּאַצירט
אין דער ווייסער נאַכט.
פון פינצטערע נעכט
נישט געטראַכט.

ווען פליגלען קאָן איך
אויף זיך אַרויפצייען,
אין דער ווייסער אייביקייט
וואָלט איך אַוועקפליען.

## צו דעם באַשאַפער

אויף אונדז פון אויבן
קוקט דער באַשאַפער אַראָפּ,
זעט ווי איין ברודער דעם צווייטן
האַקט אָפּ דעם קאָפּ.

ווי דער אויסגוס פון בליי
קיין סעקונדע נישט רוט.
ווי מענטשן טרינקען זיך
אין זייער אייגן בלוט.

אַך, ווי קאָנסטו גאָט זיצן
אין דיין געצעלט!
און לאָזן פאַרטיליקן
דיין קונסטווערק, דיין וועלט.

## דער טרומייט שאַלט

דער טרומייט שאַלט.
עס רופט דער קריגער.
איבער טויטע קערפּערס
גייט דער זיגער.

אַ ווו דער קריגער
זיינע פליגלען שפּרייט,
זיַיעט ער וויסטעניש
און טויט.

נאָר אין איין ווינקל
פון קאָנטינענט,
דער קאַמף פאַר פרייהייט
דאָרטן ברענט.

זיי שטייען דאָרט
צו קעמפן גרייט.
אויב נישט פרייהייט,
איז בעסער דער טויט.

עס קעמפן דאָרט
יונג און אַלט.
צוויי גייען אין שלאַכט,
ווען איינער פאַלט.

## צום 29-סטן יאָר פון מיין הייראַט

אין יאָרן, וואָס זענען געווען ווי טויבן ווייסינקע, ליבע,
האָב איך אָנגעהויבן בויען מיין נעסט.
אין רוישיקן וואַלד, אין וועטערן טריבע,
האָב איך וואַרעמקייט, שטילקייט געבראַכט אין מיין היים.

און דאָרט האָב איך געהאַט לײדן און פריידן,
זונען־שיין און שטורעמס, היץ און קעלט.
מיט פיל מי האָב איך געזייט און געשניטן,
דאָס ביסעלע גליק פון דער קאַרגער וועלט.

היינט בין איך מיט מיין לאַגע צופרידן,
איך האָב געשאַפן אַן אוצר, וואָס איז טייערער פון געלט,
איך האָב דערצויגן קינדער פרייע, ליבע,
וועלכע וועלן קעמפן פאַר אַ בעסערער וועלט.

## חן

ווילסטו חן געפינען
אין די אויגן פון דיינע פריינט:
באַרים זיך נישט,
אַז אַלץ קאָנסטו טאָן.

מאַך יעדן גלויבן,
אַז דו קענסט קיין זאַך פון קיינעם בעסער.
מען האָט דיך דאָך ליב,
ווען דו ביסט פון קיינעם גרעסער.

ווילסטו זינגען,
זינג פאַר זיך אַליין,
ווען דיינע טענער
קלינגען זייער שיין.

## פרייטיק פאַרנאַכט

איך דערמאָן מיך דעם הייליקן פרייטיק פאַרנאַכט,
די שטוב האָט אויסגעזען גאָר אַ פּראַכט.
אין די זילבערנע לייכטער האָבן די ליכט געברענט,
עס האָט זיך געפילט ווי די שכינה רוט אויף די ווענט.

לכבוד שבת די מאַמע האָט דאָס שייטל אָנגעטאָן,
און דעם טאַטנס קידוש האָט געקלונגען מיט אַ זיסן טאָן.
מיט אַ ווייסן טישטעך געדעקט דער טיש.
ווי גוט האָבן געשמעקט די געפילטע פיש.

אויף די גאַסן איז שטיל, די קראָמען פאַרמאַכט.
יידן גייען פון שול פרייטיק פאַרנאַכט.

## נאַכט

נאַכט, דו ביסט גוט
פאַר מיינע מידע אויגן.
איך ליג אין מיין בעט,
מיין קערפּער אויסגעצויגן.
אַרום איז אַלץ שטיל.
די וועלט רוט מיט מיר.
איך קריג אַ געפיל
צו רוען אייביק, וועלט, מיט דיר.

איך האָב גאָרנישט אויפגעטאָן
און בין שוין אַזוי מיד...
מיין לעבן הויבט זיך ערשט אָן,
און שווער איז יעדער טריט.
מיין נשמה איז יונג און שיין.
זי גאַרט אַ פריי לעבן.
מיין קערפּער איז אַלט און קליין
און קאָן שוין גאָרנישט געבן.

אַך, ווי גוט עס איז די שטילע נאַכט,
ווען איך שלאָף אַ מידע איין.
ניט איך לייד, נישט איך טראַכט.
איך פאַרגעס אַלע שמערצן און פּיין.

## דער שיקזאַל

קאָנסט, מיין פריינד, אַליין נישט נעמען
דיין שיקזאַל אין די הענט?
דאָס לעבן האָט זיינע קאַפּריזן,
ווייל אַלץ איז אונטערגעוואָרפן אומשטענדן.

ווילסטו אויסגלייכן דיין רוקן,
אויפהויבן דעם קאָפּ.
צרות נישט קיין פאַרויסגעזעענע
לאָזן זיך אויף דיר אַראָפּ.

גוט איז די פרומע מענטשן,
זיי גלויבן אין אַ גרויסער קראַפט,
וואָס קאָן זיי פון שלעכטס באַשיצן.
אַ גן־עדן אויף זיי וואַרט...

אין אַ שווערער מינוט פון לעבן
גיסן זיי אויס זייער טרער אין תפילה,
מיט האָפענונג צום בורא
בעטן זיי פאַר זייערע זינד מחילה.

## הייליק איז די מאַמע

(געווידמעט חברה בוירד צו איר טאָכטערס
ענדיקן די שלום־עליכם־שול 2, דעם 20־סטן
יולי, 1937)

הייליק איז די מאַמע
ביי אַלע פעלקער און ראַסן.
נאָך הייליקער איז די מאַמע
ביי די יידישע מאַסן.
אַ מלאך איז די מאַמע,
וואָס האָט דעם טאַטנס פלאַץ פאַרטראָטן
אין דערציען קינדער.
געבילדעט, שיין און געראָטן.
טראָגט זי איר קינד.
היט אָפּ זיין נעסט
פון שטורעם און פון ווינט.
אויף איר שווערן יאָך
זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט
די בעסטע געפילן פאַר זייער פאָטער
אין האַרצן זי טראָגט.

## צו מיין זון

דו ביסט גרויס און שיין,
איך זע דיך אַלס קליין קינד.
דו האָסט געשטיפט און געלאַכט.
דו האָסט מיך דאַן יונג געמאַכט.

עס איז מיר ליב געווען מיין לעבן,
ווייל די נאַטור האָט מיר אַזאַ געשאַנק געגעבן.
איצט, מיין זון, ביסטו פון מיר ווייט.
פאַר דיין צוקונפט גייסטו אין שטרייט.
איך וויל העלפן דיר,
איז פאַרמאַכט פאַר מיר די טיר.
איך ווייס, אַנדערש קאָן נישט זיין.
מיין טרייסט איז: דו ביסט נישט אַליין.
מיט מיין קערפער בין איך ווייט פון דיר,
נאָר מיין גייסט, איז שטענדיק מיט דיר.

ווען איך טראַכט פון דיר
גייט אויף אין מיין האַרצן אַ געזאַנג
פון ליבע און פון גליק.
און דו קומסט צו מיר אַ גליקלעכער צוריק.

## טרוימען האָבן אַ חלום אויסגעוועבט

(געווידמעט מיין שוועסטער שרה, וואָס איז געקומען
פון אַרגענטינע)

טרוימען האָבן אַ חלום אויסגעוועבט,
ער האָט יאָרן לאַנג אין מיר געלעבט.
סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט,
האָט דער חלום מיט מיר פאַרבראַכט.

איך בין יונג און דו אַ קינד.
איך פאָר ווייט אַוועק,
דו בלייבסט מיט דעם הויזגעזינט.
איך זע דיין צאַרט געשטאַלט.
דו לערנסט זיך גוט, מיין פּנים שטראַלט.

וואָס איך האָב נישט געקאָנט נעמען פון לעבן,
האָב איך געוואָלט דו זאָלסט האָבן.
נאָר די צייט האָט אונדז צעשיידט,
יעדער פאַר זיך מיט זיין לייד און פרייד.

די צייט לויפט (פון דעם חלום) דער פאָרהאַנג פאַלט.
איך זע דיין שיין געבויט געשטאַלט.
דאָס האָט די צייט אויסגעשמידט,
אַ קלאָרן געדאַנק, אַפּעסטן טראָט.

## אַלץ איז אין געדאַנק

דענקסטו, אַז דו ביסט שוואַך,
און קיין הילף איז מער נישטאָ,
ווייל די יאָרן לויפן.
דו וואַרטסט אויף דער לעצטער שעה,
דו ביסט אַלט.
האָסטו מוט: הויב אויף דיין קאָפּ,
גלייך אויס דיין רוקן, פאַל נישט ביי זיך,
ווי אַלט דו זאָלסט נישט זיין.
זאָל די צייט גיין איר גאַנג.
טראַכט פון שיינקייט און געזאַנג.

## אויף דער עלטער

(געווידמעט מיין שוועסטער סאָניען, צו איר אָנקומען
קיין קליוולאַנד, דעם 28־סטן אַפּריל, 1948)

איך זיץ לעבן דיר אינגאַנצן גרוי.
מיר קוקן זיך און רעדן נישט פיל.
מיר האָבן ביידע איין געפיל
ביידע געגאַנגען דעם שווערן וועג,
קיינמאָל נישט געהאַט קיין גלאַטן שטעג.

דאָך פאַלן מיר ביי זיך נישט אַראָפּ,
מיר האַלטן שטאָלץ אונדזער קאָפּ,
ווייל מיר גלויבן אין לעבן שיין.
נישט טראַכטן נאָר פון זיך אַליין.
נישט טראַכטן נאָר פון זיך אַליין.

## ביימעלעך

אין אונדזער קליינעם גאָרטן וואַקסן
ביימעלעך נישט פיל.
איז דער וועטער אַ גוטער
שטייען זיי רויק, שטיל.
קומט אויף זיי אַ שטורעם,
נעמען זיי זיך וויגן.
דאַן וויל אַ יונג ביימל
אַן עלטערס באַזיגן.

נאָר דער אַלטער בוים
האָט פיל שטורעמס דורכגעמאַכט.
קוקט ער אויפן יונגן
מיט פאַראַכטונג און ער טראַכט:
כ׳בין געווינט צו שטורעמס,
איך קאָן אַלץ פאַרנעמען.
מיר ווי צו טאָן, יונגער „צוציק”,
האָסטו געדאַרפט זיך שעמען.

## די נאַטור

נאַטור, דו ביסט וווּנדערבאַר,
ווען דו שפּראָצסט מיט לעבן.
ווען דער שמעטערלינג פלאַטערט פון בלום צו בלום,
וואָס װעט אים זאַפטיקייט געבן.

די בלום בליט און וואַקסט,
ווייל זי האָט געקריגן אירע זוימען.
הייבט שטאָלץ אויף איר קאָפּ
און חלומט זיסע טרוימען.

נאָר די בלום, וואָס קריגט קיין זאַפט,
הויבט אָן גיך פאַרדאַרבן,
און דער מענטש וואָס האָט קיין קראַפט,
ווערט גיך אַלט, מוז שטאַרבן.

## מיין פאָלק

מיין פאָלק, דו שטייסט איצט פאַר אַ גרויסן נסיון.
די וועלט דאַרף באַשטימען דיין שיקזאַל:
אָדער ווידער שאַפן און בויען,
אָדער פאַרבלייבן צעזייט און צעשפּרייט.

מענטשלעכע רייד האָבן אַ זינען,
ווען זיי זענען באַזירט אויף פאַקטן.
מיר ווילן איינגעמען אַ לאַנד נישט מיט קאַנאָנען,
נאָר מיט אַקעראייזן און טראַקטאָר.

מיר קאָנען קיינעם נישט טרויען,
מיר זענען אַליין אין דער גרויסער וועלט.
מיר מוזן מיט אונדזערע אייגענע הענט
פאַר זיך אַ היים בויען.

מיר ווילן ביי קיינעם גאָרנישט צונעמען.
מיר ווילן שאַפן מיט אַ סדר, מיט אַ טאָלק,
מיר האָבן זיך נישט מיט וואָס צו שעמען,
מיר קעמפן פאַר אַרבעט און פרייהייט,
פאַר לאַנד און פאַר פאָלק..

## ווען מיין זיידע קומט פון דאָרף

ווען איך זע די וועלט זיך אָנטאָן
אין אַ ווייס קלייד,
וואָס אַ קינסטלערישע האַנט,
האָט ווייס פּוך פֿאַרזייט.
טראָג איך זיך אַוועק אין מיין
קינדערלאַנד,
און איך זע זיך דאָרט אַלס קינד.

איך גיי צו צום פֿענצטער,
וואָס איך דערגרייך קוים.
איך זע אַ ווייסע וועלט.
פֿון אַ קוימען גייט אַ רויך.
מיין זיידע קומט פֿון דאָרף
מיט מילך.
און זיין פֿערדל טאַנצט,
און זיין ווייסע באָרד
פֿינקלט מיט אַ גלאַנץ.
ער קומט אַריין אין שטוב,
קלאַפּט אָפּ דעם שניי פֿון די שטיוול.
ער וואַרפֿט אַראָפּ זיין פּוטער.
פֿון זיין באָרד רינען טראָפּנס.

אין אויוון קנאַקן פֿאַלענעס האָלץ,
אין שטוב איז וואַרעם.
דער זיידע עסט אָפּ
און נעמט מיך אין זיינע אָרעמס.

ער קושט מיך און ער לאַכט.
ער זאָגט: דו ביסט שוין גרויס.
ווי לאַנג איז דאָס געווען,
ווען איך בין געווען אַ קינד.
איך האָב דאַן נישט געפֿילט
קיין שטורעמס און קיין ווינט.

## דער שטורעם פון לעבן

דער שטורעם פון לעבן האָט מיך געטריבן
ווייט פון פאַמיליע און פריינט.
איך וווּנדער זיך צו וואָס האָב איך אויסגעקליבן,
צו זיין נע ונד.

איך אייל זיך נישט אַהיים צו גיין,
קיינער וואַרט נישט אויף מיר.
ווי לאַנג וועסטו וועדן פון זיך אַליין גענאַרט ?

## איך וואַנדער

איך וואַנדער ווי אויפן עולם התוהו,
איך ווייס נישט אַ ווּ איך וועל קומען.
צי וועט דער וועג דאָרט זיין געשפּרייט מיט דערנער,
אָדער וועלן גאָר וואַקסן בלומען.

צי וועלן דאָרט בלאָזן ווינטן
און מיין בלוט פאַרפרירן.
וועל איך אָרעמקייט געפינען,
אָדער ברייטע, רייכע, אָפענע טירן.

צי וועט פאַרוואָלקנט זיין דער הימל :
עס וועט רעגענען און גיסן.
און אפשר וועט די זון אַרויסקומען,
מיך באַגעגענען און באַגריסן.

## צום אָנדענק פון מיין גאָטזעליקן מאַן

מיין פריינד, אויף דיין קורצן
לעבנס־וועג,
האָסטו נישט געהאַט קיין גלאַטן שטעג.
איבער דערנער, שטיינער האָסטו געטראָטן,
ווי גליק וואָלט געווען פאַר דיר פאַרבאָטן.

איך בין מיט דיר מיטגעגאַנגען,
דיר נאָכגעגעבן דיינע פאַרלאַנגען.
איך האָב מיט דיר זיך געטיילט,
דאָס ביסל גליק, וואָס דאָס לעבן

האָט אונדז געגעבן.
געהאָפט מיט דיר ווייטער צו גיין.
די שרעקלעכע קראַנקהייט
האָט אַלץ איבערגעריסן.

איצט בין איך אַליין.
ווען איך שטיי ביי דיין קבר,
מיין קאָפּ טיף געבויגן.
פיל איך אַ ווייטיק אין מיין האַרצן,
און טרערן אין מיינע אויגן.

## פיל יאָרן

איך האָב פיל יאָרן געשריבן וועגן מיינע צרות.
היינט לייען איך עס מיט אַ שמייכל,
ווייל די צרות זענען שוין פאַרגאַנגען.
און איצט, אין דער שפּעטער שעה
פון מיין לעבן,
קאָן דאָס מזל מיר שוין אַזוי פיל צרות נישט געבן.

## אין וואַלד פֿאַרנאַכט

אין וואַלד פֿאַרנאַכט.
די זון פֿאַרגייט.
וואָלקנס האָבן זיך איבער
די ביימער אויסגעשפּרייט.
דער ווינט טוליעט בוים צו בוים.
פֿון אַלע ביימער ווערט ווי איינס.

עס הערט זיך ווי פֿייגל זינגען,
זיי רופֿן, זיי האָבן פֿאַרלאַנגען.
די לבֿנה ווי אַ קליינער לאָמפּ
באַלויכט דעם וועג.
דו זאָלסט קאָנען דערגרייכן
פֿון וואַלד דעם ברעג.

## עס איז אַ שרעקלעכע נאַכט

עס איז אַ שרעקלעכע נאַכט.
די שטילקייט דריקט,
דער מוח טראַכט.

אין אַ וואַרעם נעסט,
אַ ווו די זון האָט געשיינט,
האָט זיך אַ כמאַרע פֿאַרצויגן,
ווי אַ בייזער פֿיינט.

אַ פֿרוי ליגט פֿאַרביטערט פֿון ווייטיק,
זי קאָן נישט איינשלאָפֿן,
זי קאָן נישט באַגרייפֿן,
וואָס האָט מיט איר פּלוצים געטראָפֿן.

אַ קינד, וואָס איז מיט צערטלעכקייט דערצויגן,
איז איינגעשלאָפֿן מיט פֿאַרוויינטע אויגן.

אַלץ אין שטוב וויינט
נאָכן באַלעבאָס וואָס פֿעלט,
וואָס איז אַזוי פּלוצים,
אַוועק פֿון דער וועלט.

## קראָען

אַ פויגל האָט געוואָלט זינגען,
איז ער אַריינגעפאַלן צו אַ סטאַיע קראָען.
ער האָט אָנגעהויבן זינגען,
אָבער די קראָען האָבן געקראַקעט.

האָט ער זיך ביי זיי געבעטן:
לאָמיר זינגען צוזאַמען אין כאָר.
האָבן די קראָען אַלץ געקראַקעט,
און נאָר געוואָלט זיין ליד איבערפירן.

איז ער פון זיי אַוועקגעפלויגן
און זינגט פאַר זיך אַליין.
קיינער וועט אים איצט נישט שטערן,
קיינער וועט נישט מאַכן זיין ליד קליין...

## לעבן

ווען דאָס לעבן איז דיר דערעסן,
צופרידנקייט האָט אין דיר פאַרגעסן,
נישט קלאָג.

זוך דעם זין פון לעבן,
וועסטו צופרידנקייט אין זיך געפינען
אין אַ זוניקן טאָג.

## מיט קינדער זיך צו שפּילן

מיט קינדער זיך צו שפּילן
בין איך שטענדיק גרייט.
מיך אַרט נישט צו פאַרלירן,
ווען מיין פריינד די שפּיל פאַרשטייט.

נאָר ווען מיין חבר ווייסט נישט,
וואָס צו זאָגן
און אויף מיין שפּיל נעמט ער זיך באַקלאָגן.
דאַן קריג איך צו מיין חבר
אַ ביטער געפיל,
און איך בין צופרידן,
ווען עס ענדיקט זיך די שפּיל...

## ליבע, טייערע מאַמע

מאַמע טייערע, ווילסט איך זאָל אָפּט דיר שרייבן,
ווילסט גוטע נייעס, שיינע בילדער,
איך וויל אויך דאָס זעלבע, מאַמע,
נאָר מיין לעבן איז נישט קיין אָפּגעגילטער.

אייביק זאָרגן פאַרן מאָרגן,
אייביק לעבן אין שרעק און ציטער,
אַז אַ לעבן, ליבע מאַמע,
איז ווי דאָס וועטער — אַ געוויטער.

## אַ שמייכל און אַ גוט וואָרט

אַ שמייכל און אַ גוט וואָרט
אין דער ריכטיקער צייט,
אויפֿן ריכטיקן אָרט,
ברענגט אַ מענטשן אין אַ גוטער שטימונג.
עס וואַרעמט ווי אַלטער ווייַן.

דאָס צו טאָן, איז נישט נאָר גוט און שיין,
דו העלפֿסט דערמיט זיך אַליין.

אַ מענטש דאַרף איינזאַם נישט זייַן,
זייַ אַ פֿרייַנד צו זיך אַליין.
אַ מענטש דאַרף אַנטמוטיקט נישט זייַן,
געפֿין פֿרייד אין זיך אַליין.

ווען דער קערפּער און גייסט פֿירן אויס
די פֿונקציעס פֿון לעבן,
דאַן קאָנסטו זייַן שטאָלץ
און האַלטן הויך דעם קאָפּ.
פֿאַל קיינמאָל ביי זיך נישט אַראָפּ.

מיר האָבן אַזאַ שיינע וועלט.
די זון מיט אירע שטראַלן
וואַרעמט יונג און אַלט.
דער הימל מיט זיינע שטערן,
וואָס שייַנען ווי בריליאַנטן.
דער אַראָמאַט פֿון בלומען,
און פֿון פֿייגל דער געזאַנג.
אַלץ, אַלץ, רופֿט צום לעבן.

## שווער צו זייַן אַליין

דער מענטש, צי ער איז גרויס, צי קליין,
איז אים שווער צו לעבן אַליין.
אין ליידן, צי אין פֿריידן,
איז גוט צו עמיצן צו רעדן.
כאָטש נישט אַלע מאָל קאָן מען אַלץ דערציילן,
און נישט אַלע מאָל קאָנען טרייסטווערטער היילן,
דאָך איז גוט אין אַ שווערער מינוט פֿון לעבן,
אַז מען האָט פֿאַר וועמען זיך אַראָפּצורעדן פֿון האַרצן.

# איך בויג מײַן קאָפּ

איך בויג מײַן קאָפּ פֿאַר דײַן געדולד.
עס רינט אויפֿן פּאַפּיר אַ טרער.
איך וויל דיך באַזינגען,
נאָר ס'איז מיר זייער שווער.

מאַמע, דו ביסט פֿון אונדז אויף אייביק אַוועק.
ווען איך טראַכט פֿון דעם שטיקט מיך אַ טרער.
נישט דערפֿאַר וואָס איך בין אַלט און וועל באַלד דאַרפֿן גיין.
פֿאַר די מענטשלעכע ליידן בין איך פֿול מיט געוויין.

איך געדענק, ווען דו ביסט יונג געווען.
אַלע מאָל געליטן.
אָרעמקייט, קראַנקהייט, האָט דיך נישט אויסגעמיטן.
דו האָסט געקעמפּט ווי אַ לייב אין שטורעם,
קעלט און רעגן.
האָסט שטאַרק געגלויבט אין גאָט,
געגאַנגען אין זײַנע וועגן.

דו האָסט זיך געקלאַמערט אין לעבן
מיט נעגל און מיט ציין.
צו וואָס איז די גאַנצע שפּיל,
ווער קאָן דאָס פֿאַרשטיין.

מיט גרויסע ווייטיקן קינדער 10 געבוירן,
געאַרבעט שווער, געשלעפּט דעם יאָך,
בייטאָג און בײַנאַכט.

אין דײַן לעצטן שלאָף האָסטו
ווי אַ הייליקע אויסגעזען.
ביי דעם געדאַנק, אַז דו ליידסט נישט מער,
איז מיר גוט געווען.

ווען איך האָב זיך פֿון דיר געשיידט,
האָט מײַן האַרץ געוויינט.
דאָס איז דער ערשטער רינג פֿון אונדזער קייט
וואָס האָט זיך פֿון אונדז אָפּגעריסן.

# אַ מאַמע ווערט הייליק

אַ מאַמע ווערט הייליק
מיט איר ראָל אין לעבן,
דאָס איז די שענסטע מתנה
וואָס גאָט האָט אונדז געגעבן.
אַ מאַמע־מלאך, וואָס שטענדיק איבער אונדז וואַכט,
און אַרבעט שווער סיי טאָג און סיי נאַכט.

אַ מאַמע וועט זיך מקריב זיין
פאַר איר קינד,
נישט צו שעצן אַ מאַמען
איז אַ גרויסע זינד,
דערפאַר דאַרפן מיר האַלטן טייער
דעם אָנדענק פון אונדזער מאַמען, דער געטרייער.
האָט מען אַ מאַמע פילט מען זיך יונג ווי אַ קינד,
גייט זי אַוועק, איז ווי דאָס לעבן פאַרשווינדט
די מאַמע לעבט אין אונדז אַזוי לאַנג ווי מיר לעבן,
ווייל זי האָט אונדז אַ טייל פון זיך געגעבן.

# יום־טוב אין אונדזער לעבן

יום־טוב דו ביסט גוט פאַרן יידישן לעבן,
פיל ימים־טובים האָט אונדז די תורה געגעבן,
אַ יום־טוב פון באַפרייונג
פון קנעכטשאַפט אין מצרים,
אַ יום־טוב פון מתן־תורה
מיט געזעצן ווי צו לעבן.
אַ יום־טוב פאַר חשבון הנפש
מיט חרטה אין האַרצן,
גאָט זאָל אונדז די זינד פאַרגעבן.

מיט גוטע געפילן פאַר דער צוקונפט,
צו מאַכן דאָס לעבן שיין,
נישט זיין אַריינגעטאָן אין זיך אַליין,
אַ יום־טוב מיט האָפענונג
פאַר גערעטעניש און בליונג
אַ יום־טוב פון שלום און פרידן
פאַר אַלע פעלקער ווי פאַר אונדז יידן.

# אין דער שפּעטער שעה פון לעבן

אין דער שפּעטער שעה פון מיין לעבן
האָב איך מיין היים ביי דעם ים געמאַכט,
אַהער קומען עלטערע מענטשן זיך אויסלעבן,
ווייל די לופט איז דאָ אַ פּראַכט.

די כוואַליעס פון ים רוישן, ברומען,
דערציילן פון צייטן פאַרגאַנגענע.
דער ים וועט אייביק רוישן, ברומען,
נאָר דער מענטש איז פון די יאָרן אַ געפאַנגענער.

דער מענטש ווערט פון די כוואַליעס פון לעבן געטראָגן.
באַרג אַרויף און באַרג אַראָפּ.
די צייט פורעמט אויס זיין אויסזען
און ווי מיט שניי ווערט באַדעקט זיין קאָפּ.

דאָך קלאַמערט זיך מענטש אין לעבן
ווייל זיך דער עלטער נישט אונטערגעבן,
זוכט ער כסדר זיין צייט אויסצופילן,
געפינט ער פאַרשידענע שפּילן.